יצחק פאַנער

# אין איגענעם האָפּ

פאַרלאַג
י.ל. פרץ
ישראל

1970

דעם אָנדענק פון מיין פרוי
צפורה

מיין איצטיק בוך — אַן אָפּקלייב פון בילדער, רעפּאָרטאַזשן, מיניאַטורן סקיצן, פון וועלכן אַ גרויסער טייל זענען ישראל־מאָטיוון, — וואָלט אייגנטלעך געקענט באַטראַכט ווערן ווי אַ המשך פון מיין פריערדיקן בוך „זון און שאָטן", (הגם איצט מיט פיל וויניקער שאָטן) — ווען נישט די צוויי לעצטע אָפּטיילונגען.

מיט דער אָפּטיילונג „אין פאַרנאַכטיקן ליכט" האָט זיך דאָס בוך געדאַרפט ענדיקן. די אָפּטיילונגען „טראַנסניסטריע" און „קפריסין" האָב איך אין דער לעצטער רגע צוגעגעבן, כאָטש איך ווייס, אַז זיי געהערן נישט אַהער, פּאַסן נישט אַריין אין דעם בוך. וועגן די לאַגערן אין טראַנסניסטריע און קפריסין וואָלט מען געדאַרפט שרייבן אַ באַזונדער בוך, אָדער צוויי באַזונדערע ביכער. איך האָב זיך אין די אַלע יאָרן נאָך דער באַפרייונג אַרומגעטראָגן מיט דעם געדאַנק דאָס צו טאָן. ס'איז אָבער אַוועק אַ יאָר און אַ יאָר און ס'איז דערצו נישט געקומען. און אַז מען פאַרענדיקט אַ בוך מיט אַן אָפּטיילונג „אין פאַרנאַכטיקן ליכט", איז די האָפענונג אַרויסצוגעבן נאָך אַ בוך, שוין נישט קיין גרויסע...

האָב איך געטראַכט: אויב נישט קיין בוך, טאָ זאָלן כאָטש אַריינקומען אַהער אייניקע פראַגמענטן. און אויב פון די עטלעכע רעפּאָרטאַזשן, בילדער און סקיצן, געשריבן אין די לאַגערן און נאָך דער באַפרייונג, וועט זיך דער לייענער קאָנען מאַכן כאָטש אַ קליינעם באַגריף וועגן לעבן אין די צוויי לאַגערן, וועט דער צוועק פון די ביידע אָפּטיילונגען זיין דערפילט.

**דער מחבר**

ווען כ׳וואָלט ניט זיין מיט דיר ביינאַנד,
ניט אָטעמען דאָס גליק און וויי דאָ, —
ווען כ׳וואָלט ניט ברענען מיטן לאַנד,
וואָלקאַניש לאַנד אין חבלי־לידה ;
ווען כ׳וואָלט אצינד, נאָך מיין עקדה,
ניט מיטגעבוירן מיטן לאַנד,
ווו יעדער שטיינדל איז מיין ניידע —
געזעטיקט וואָלט מיך ניט דאָס ברויט,
דאָס וואַסער ניט געשטילט מיין גומען.
ביז אויסגעגאַנגען כ׳וואָלט פאַרגוי׳ט,
און בלויז מיין בענקשאַפט וואָלט געקומען...

**א. סוצקעווער**

1947

# זיידע און אייניקל

— פאַר וואָס אַזוי שווייגנדיק, סבא? דו זיצסט ביים טיש אַזאַ שטילער, אַ פאַרקלערטער. אויף דיינע ליפּן שוועבט אַפילו אַ שמייכל, אָבער אין דיינע אויגן גלאַנצט אַ טרער. און פון דיין ברוסט רייסט זיך פון צייט צו צייט אַרויס אַ שטילער זיפץ. ווי קאָן מען היינט זיפצן, סבא? צי איז דען נישט היינט ביי אונדז דער גרעסטער פון אַלע יידישע יום־טובים? קוק זיך אַרום, סבא, זע, אַלע דיינע זין און טעכטער מיט די אייניקלעך זיצן צוזאַמען מיט דיר ביים טיש. זיי, די אייניקלעך, זענען צוריקגעקומען פון די שלאַכט־פעלדער פרישע און געזונטע און שטראַלנדיקע. די גאַנצע וועלט קוקט אויף אונדז ווי אויף דעם זיבעטן וועלטוואונדער, זי זעט אין יעדן פון אונדז אַ שמשון, וואָס באַזיצט געהיימע איבערנאַטירלעכע כוחות... מען קוקט אויף אונדז מיט אויפגעריסענע אויגן פון פאַרוואונדערונג און באַוואונדערונג, מיט אָפּשיי און באַגייסטערונג. זי, די וועלט, קאָן נישט גלייבן די אייגענע אויגן, וואָס זי האָט געזען אין די זעקס טעג.

— קוק נישט אויף מיין פּנים, און נישט אויף מיין טרער, מיין טייער אייניקל. זאָל דאָס אויף אַ האָר נישט פאַרטונקלען דיין העלע פרייד.

— מיין פרייד? צי איז דען נישט מיין פרייד אויך דיינע, מיין יום־טוב אויך דיינער?

— ווי קאָן דאָס אַנדערש זיין, מיין טייער קינד, עס איז אונדזער אַלעמענס פרייד, אונדזער אַלעמענס יום־טוב. נישט מער, וואָס ביי מיר האָט די שמחה אַן אַנדער פּנים ווי ביי דיר, מיין סאַברע. נישטאָ ביי יידישע זיידעס און עלטער־זיידעס קיין שמחה אָן טרויער, קיין געלעכטער אָן טרערן. זיי גייען תמיד האַנט אין

האַנט. איינער רירט זיך נישט אָן דעם צווייטן. אין דעם שענסטן ייִדישן יום־טוב, דעם זמן חרותנו, זיצט מעןביים סדר אין אַ ווייסן קיטל — די דערמאָנונג אין טויט, און נישטאָ קיין ייִדישער יום־טוב, אַז מען זאָל נישט זאָגן „יזכור"...

מיין טרער, מיין געליבט העלדיש אייניקל, איז דער יזכור נאָך די מיליאָנען ייִדישע פאַרפייניקטע און צעטראָטענע, דערנידער־ריקטע און באַשפּיגענע, געשאָכטענע און געהאָנגענע, פאַרברענטע און פאַרגאַזטע דורך די עמלקימס פון אַלע דורות. אַ יזכור פאַר יענע, וואָס האָבן ביי זייער לעבן נישט זוכה געווען צו אַזאַ זעקס־טאָגיקן נס. און מיין טרער גילט אויך פאַר די, וואָס האָבן מקריב געווען זייערע יונגע לעבנס פאַר אונדזער קיום און פרייהייט.

זאָל דיר די דאָזיקע טרער נישט שטערן, מיין סאַברע. ס'איז אַ ייִדישע טרער, און אַ ייִדישע טרער אויף אַ שמחה מאַכט די פייַ־ערונג פייערלעכער, דעם יום־טוב — יום־טובדיקער. זי לייטערט און שטאַרקט, זי היילט די נאָך נישט פאַרהיילטע ווונדן, און גיט כוחות צו פאַרטראָגן נייע.

— נייע? ניין! קיין מאָל נישט מער!

— אָ, מיין געליבט אייניקל, צי האָבן מיר דען חלילה שוין אויפגעהערט צו זיין ייִדן?...

# ביים כותל המערבי

דורכשטופנדיק זיך דורך די שמאָלע, געדיכטע און טומלענדיקע, קאַטאַקאָמבנאַרטיקע געסלעך פון דער אַלטשטאָט, געסלעך, וואָס גייענדיק אין זיי, פאַרלירט מען יעדע האָפענונג, אַז זיי וועלן זיך אַ מאָל ענדיקן, — קומט מען ענדלעך אַרויס אויף דער פרייער ליכטיקער וועלט. און טאַקע באַלד אַנטפּלעקט זיך פאַר אייערע אויגן אין זיין גאַנצער מיסטישער שיינקייט — זי, די וואַנט. אַ ווײַלע בין איך שטיינגעבליבן פון אַ דיסטאַנץ. נישט געטרויט זיך צוצוגיין גאַנץ נאָענט.

אָט איז זי — האָבן מיינע ליפּן געמורמלט — די צווייטויזנט יעריקע יידישע דערמאָנונג, דער לעבעדיקסטער עדות פון אונדזער פאַרשווונדענער גרויסקייט. אָט איז די צווייטויזנט יעריקע יידישע טרייסט און מוטיקונג, טרויער און האָפענונג. דאָס הייליקסטע פון אַלע הייליקטימער.

נאָר מיר דאַכט זיך אַז דאָס, וואָס מען האָט באַזייטיקט אַלע בנינים וואָס האָבן די וואַנט פאַרשטעלט, — אַז דאָס שטערט איצט אַ ביסל. צו פריי און צו אָפן שטייט איצט דאָס הייליקטום, אויסגעזעצט פאַר אַלעמען, פאַר אייגענע פונקט ווי פאַר פרעמדע, אומבאַרופענע, אומגעוווּנטשענע בליקן. אַ צו נאַקעטע און אַנט־בלויזטע פאַרלירט די שיינקייט פון איר שיינקייט, די מיסטיק — פון איר מיסטישן צויבער. אילוזיע דאַרף זיין האַלב פאַרשלייערט...

און מיר דאַכט זיך אויך אַז מיט פאַרמאַכטע אויגן וואָלט איך די וואַנט בעסער, גרינטלעכער געקענט זען. אָנטאָפּן יעדן שטיין מיט די הענט, באַטאַפּן מיט די פינגער, וואָלט איך דייטלעכער געפילט קלאַפּן דעם דופק פון די דורות.

און אויך צוליב אַ גאַנץ אַנדערע סיבה וואָלט איך איצט נישט

געוואָלט זען דאָס, וואָס פאַרווישט מיר דעם הייליקן צויבער, דעם רעליגיעזן ציטער. צווישן דעם ריזיקן עולם זעט מען אויך זייער אַ סך אַמעריקאַנער טוריסטן, עלטערע און יונגע בויעס. זע איך, ווי היימישע פרומע יידן, פאַרקאָכט אין זייער עולם־הבאדיקן מסחר, טוען אָן טלית־און־תפילין די טוריסטן, וועלכע לאָזן זיך פאָטאָגראַפירן אין דעם דאָזיקן „סטראַי״.

די אַמעריקאַנער וועלן אַהיימקומען און אין קרייז פון קרובים און באַקאַנטע ווייזן די „פיקטשורס״ וועלכע וועט זיי ווייזן שטייענדיקביים כותל המערבי אין טלית־און־תפילין, פונקט ווי זיי וועלן ווייזן די פיקטשורס פון באר־שבע, וואָס וועט זיי ווייזן רייטנדיק אויף בעדויִנישע קעמלען.

האָב איך געטראַכט וועגן דעם זעלנער, וועלכער שטייט ביים כותל־המערבי און:

„...צום בינטל מאָכוואַרג לייגט ער צו די ליפּן דאַרשטיק,
ווי צום זיידנס באָרד, און וויינט אויף אים געשמאַק זיך אויס.
...אַ זעלנער וויינט, און נישט דער זונגלי און זיין וווּנד קאָן אים
דאָ שטערן,
פאַרגאָסן אין דער שלאַכט האָט ער זיין בלוט,
אַז ער זאָל קאָנען דאָ פאַרגיסן טרערן״.

(משה שולשטיין)

איז גוט וואָס אַזאַ זעלנער איז נישט בלויז דיכטערישע פיקציע, וואָס אַזעלכע זעלנער זענען ביי אונדז פאַראַן אין די פילע, פילע צענערטויזנטער. דאָס איז אונדזער טרייסט.

און אונדזער כוח.

# מיר, דאָס ווונדערקינד

אַ מאָדנע פאָלק זענען מיר. און פונקט אַזוי מאָדנע איז אונדזער לאַנד, וואָס איז פול מיט חדושים און פּאַראַדאָקסן, מיט מאָדנע מאָסן און וואָגן, באַגריפן און מעטאָדן.

נעמט למשל ביי אונדז דעם מעטאָד פון בויען ישובים. ביי לייטן איז אַ הונדערט יאָריקע שטאָט נאָך אַ צוציק, וואָס דאַרף נאָך דורכמאַכן אַ סך קראַנקייטן ביז ס'ווערט פון אים אַ „לייט". ביי אונדז ווערט אַ ישוב געבוירן אַ פאַרטיקער. ווי יענעס לעגענדאַרע קינד וואָס איז געבוירן געוואָרן מיט ציין און מיט לשון. און ווי נאָר ס'איז געקומען אויף דער וועלט, האָט עס זיך באַפרייט פון די וויקלשנורן און גענומען שפּאַנען...

אַ שטאָט ווי, למשל, פּתח־תקוה, וואָס האָט ערשט נישט לאַנג געפייערט דעם 80־יאָריקן געבוירן־טאָג, איז ביי אונדז שוין אַ זקינה. און אַפילו אַ 50־יאָריקע שטאָט שרייבט שוין ביי אונדז זכרונות פון „יענע טעג"...

דאַקעגן זענען ביי אונדז פאַראַן שטעט, וואָס האָבן שוין אַ־ריבערגעשפּאַנט דעם 4טן יאָרטויזנט, און וואָלטן שוין לויט אַלע כללים פון דער געשיכטלעכער טראַדיציע געדאַרפט איצט זיין בלויז אַן אָביעקט פון געשיכטלעכע פאָרשונגען, פון אַרכעאָלאָגישע אויסגראָבונגען. אָבער די דאָזיקע שטעט, — נישט נאָר וואָס זיי ווילן נישט שטאַרבן, נאָר זיי הייבן ערשט אָן צו לעבן...

נעמט, למשל אונדזער באָבעשי באר־שבע, זאָל מאַריך ימים זיין. דאַכט זיך אויף אַלע יידישע שטעט אַזאַ עלטער געזאָגט געוואָרן. און דאָך הייבט זי ערשט איצט אָן זיך צעפירן די הענט... די גרייזגראָע האָר האָט זי אָפּגעפאַרבט אויף העל בלאָנד, די פאַרציייטיקע געצעלטן פאַרביטן מיט מאָדערנע 5, 6 און 8 שטאָקיקע הייזער.

איינגעפירט קאַפּע־הייזער, נאַכט־לאָקאַלן, האָטעלן, קינאָס, און דעם זיידן אברהמס קעמלען פאַרביטן אויף די נייסטע טיפּן אויטאָס...

פון דער דריי טויזנט־יאָריקער ירושלים, וואָס ציט נאָך היינט צו טויזנטער פאַרליבטע — רעדט מען נישט! אָט אַזוינע פאַראַדאָקסן טרעפט מען ביי אונדז.

דער גאַנצער וועלט מאַכן מיר נאָך. מיר באַנוצן זיך מיט פרעמדע שפּראַכן, קולטורן, מנהגים, יאָ, אפילו פאַרבן און פיזיאָנאָמיעס פון פרעמדע ראַסן מאַכן מיר פאַר אונדזער אייגענע... און ווען עס דאַכט זיך אַז מיר האָבן שוין גאָרנישט מער קיין אור אייגנס, אַז אַלץ אין אונדז און אַרום אונדז איז פרעמדס — טוען מיר פּלוצלונג אַפּ אַזאַ שטיקל אַרבעט, וואָס קיין שום פאָלק אין דער וועלט וואָלט דאָס נישט געקענט נאָכטאָן. וועלכעס פאָלק וואָלט אַ שטייגער געקענט נעמען אַ שפּראַך וואָס איז צוויי טויזנט יאָר געווען אַ פאַרהייליקטע מומיע, איינגעהילט אין אַ סאַמעטן שבת־קודשדיקן פּרוכת, און זי פאַרוואַנדלען אין אַ וואָכעדיקער שפּראַך — פאַרן פאָעט און טרעגער, ריכטער און קעשענע־גנב, באַנקיר און בעטלער, רביצן און להבדל גאַסנפרוי?...

אַזאַ ריזיקע מדינה ווי אינדיע, מיט אַן אַלטער רייכער קולטור, מיט אַ באַפעלקערונג, וואָס ווען מיר פאַרמאָגן זי חס־וחלילה, וואָלט אונדז אויסגעקומען צו זוכן לעבענסרוים אויפן מאַרס — איז אָט די מדינה, וואָס איז געבענטשט מיט הונדערטער לשונות און דיאַלעקטן, קוקט אויף אונדז מיט קנאה. ווייסט נישט ווי אַזוי „מ׳מאַכט דאָס". דאָס הייסט ווי אַזוי איינצופירן אַן איינהייטלעכע אָפיציעלע מלוכה־שפּראַך אַז אַלע פיר הונדערט מיליאָן אינדער זאָלן זי קענען פאַרשטיין.

ציט די וועלט מיט די אַקסלען, קאָן נישט פאַרשטיין און גאַפט: וואָס איז דאָס פאַר אַ מין פאָלק? צוויי טויזנט יאָר געווען סוחרים און לופטמענטשן, קלויזניקעס און באַנקקוועטשערס, אָפּגעטעמפּט פון יעדן חוש הריח פון פעלד און וואַלד, פון בוים און

בלום. און גאָר פּלוצלונג, מיט איין האָקוספּאָקוס זיך באַשאַפן אַן ערד פון זומפּן און מדבריות, זי באַפּלאַנצט און באַוואַלדיקט, און עס שפּראָצט און עס וואַקסט און עס בליט!

אַלטע איינגעפונדעוועטע אַגראַר־פעלקער, וואָס האָבן קיין מאָל פון קיין פּאָגראָמען, פון קיין רדיפות און קיין שחיטות נישט געוווּסט, קיין מאָל נישט געפּילט דעם טעם פון האַלטן אַ וואַנדערשטעקן אין דער האַנט — קומען צו אונדז לערנען מאָדערנע לאַנדווירטשאַפט, קומען זיך צוקוקן און זיך אויסלערנען ביי אונדז פאַרוואַנדלען וויסטענישן אין בליִענדיקע ישובים.

צוויי טויזנט יאָר מורא געהאַט זיך צוצורירן צו אַ ביקס (אפילו ווען זי איז נישט געווען געלאָדן...) און גאָר פּלוצלונג — „די שטאַרקסטע אַרמיי אויפן מיטלען מזרח", און: „די בעסט אָרגאַ־ניזירטע אַרמיי אין דער וועלט".

קוקט אויף אונדז די וועלט און גאַפט.

מיר אָבער וואָלטן מיט פריידן זיך היינט געביטן מיט אַלע אונגדזערע „גאַפּערס" — פאַר אַ ביסל מער מזל...

וואָרעם ווי זאָגט דאָס יידישע ווערטל: וואָס טויג די חכמה אַז דאָס נאַרישקייט גילט...

דאָס נאַרישקייט? ניין, ווען ס'גילט דער שקר, דאָס רשעות, די טומאה.

יצחק פאַנער

# די צעשטערונג פון סדום

ס'ווערט אַלץ ענגער און וואַכעדיקער אין לאַנד כנען, דעם לאַנד פון די אָבות! ווו זאָל אונדזער־אייגער נאָך געפינען היינט אַ טראָפּן חומש־ראָמאַנטיק, אַ שטיקל „פּאַרצייטנס"? אַז זיי האָבן אַלץ פאַר־היינטיקט, פאַרטאָגטעגלעכט, פון אַלץ אַ תל געמאַכט! אַז ווו מ'זאָל זיך נישט אַ קער טון, זענען זיי דאָ! אויפן כרמל, ווו אליהו הנביא האָט צעשמעטערט די געצן פון דער מלכה איזבל, צוזאַמען מיט אירע נביאים, האָבן זיי אויסגעבויט בלאָקהייזער און גאַסן און פּאַרקן, געשעפטן און האָטעלן! און דאָרט, ווו אברהם האָט ביים ברונעם געשלאָסן אַ בונד מיט אבימלך, האָבן זיי אויסגעבויט וואָלקנקראַצערס און קאַפעהייזער און סופּערמאַרקעטס... און דאָרט ווו ס'איז געשטאַנען יעקבס לייטער, שטייט זייערס אַ גלאָז־און קעראַמיק־פאַבריק; און דאָרט ווו הגר האָט געבלאָנדזשעט מיט ישמעאלן און זענען אויסגעגאַנגען נאָך אַ טראָפּן וואַסער, שעפּן זייערע קיבוצניקעס וואַסער אין פולע עמערס!

טאָ ווו זאָל מען היינט נאָך לעשן דעם ברענענדיקן דאָרשט נאָך אַ טראָפּן „פּאַרצייטנס"? וווהין אַנטלויפט מען פון זייערע געפילדערס, אַז איבעראַל יאָגט אונדז נאָך דער גערויש פון זייערע טראַקטאָרס, דער געהילך פון זייערע אויפרייס־מאַשינען, אַז ווו מען זאָל נאָר שטעלן אַ פוס, זענען שוין פאַראַן שפּורן פון זייערע צעשטערערישע אַרבעטן!

און אָט האָבן זיי איצט פאַרכאַפּט די לעצטע פּאָזיציע פונעם חומש, — סדום.

הערט אַ מעשה: שוין פיר טויזנט יאָר ווי סדום עקזיסטירט, קומען זיי און צעשטערן עס! שוין פיר טויזנט יאָר ווי די סדומער אַרטיקלען זענען די איינגעפירטסטע מאַרקעס אויפן וועלטמאַרק,

קומען זיי... ווער האָט נאָך געקענט ליפערן דער וועלט אַזוינע הונדערטפראָצענטיקע, עכטע רשעים, ווער נאָך אַזוינע ערשטקלאַ־סיקע פּאַטענט־בעטלעך, ווי די פירמע סדום ? קומען זיי און אַרבעטן אָן שוואַרץ־חושך. נישט אַנדערש ווי די אַלטע איינגעפירטע פירמע זאָל איצט נעמען און באַנקראָטירן !...

זיי האָבן פּלוצלונג מודיע געווען דער וועלט — נישט מער און נישט ווייניקער — אַז די גאַנצע מעשה וועגן דעם רשעות פון די אנשי־סדום איז אַ גרויסער ליגן, אַ שקר־בלבול. אַז די אַנשי־סדום זענען להיפוך ווילע און גוטהאַרציקע מענטשן, ביי וועלכע די מצווה פון הכנסת־אורחים וועגט אַריבער אַלע אַנדערע מצוות... והא ראיה: קוקט זיך אויף אַ טשיקאַווע צו: בעת סע קומט קיין סדום אַ פרעמדער גאַסט, ווייסט מען גאָרנישט מיט וואָס מען זאָל אים פריִער מכבד זיין. און וואָס שייך די סדומער בעטלעך — האָבן די סדומער געלאָזט וויסן — זענען דאָס די בעסטע בעטלעך אין דער וועלט. אין ערגעץ שלאָפט אַ פרעמדער גאַסט נישט אַזוי באַקוועם און געשמאַק ווי אין אַ סדומער בעטל... ס׳איז אַ סברה — טענהן זיי — אַז יענע בעטלעך, צו וועלכע די גלידער, דער שכל, די לאָגיק און דאָס געפיל פונעם מענטשן ווערן אַזוי סדומיש צוגעפּאַסט — אַז יענע בעטלעך שטאַמען גאָר פון אַ פּיל יינגערער, מאָדערנער פירמע ווי סדום...

אָט אַזוי האָבן זיי אַ תל געמאַכט פון די סדומער רשעים און פון אירע באַרימטע „איינגעפירטע״ בעטלעך! אַזוי האָבן זיי פאַר־טאַכלעוועט אונדזער לעצט ביסל חומש־ראָמאַנטיק!

# בלומען

איך ווייס נישט ווי אַזוי ביי די יידן פון די מזרח־עדות צי פון אַנדערע ווייטע מקומות, אָבער יידן פון די מזרח־אייראָפּעיִשע קליינע שטעטלעך האָבן אין זייער גרויסן רוב נהגה געווען פון אַ ביסל גרינס בלויז צוויי טעג אין יאָר — שבועות... די גרינע צווייגן וואָס מ׳האָט אָפּגעריסן פון פרעמדע גויִישע ביימער, און באַצירט מיט זיי יידישע שטיבער, זענען געווען פאַרן אָרעמען יידישן קינד די איינציקע „פרייע נאַטור" וואָס עס האָט געגאָסן. פעלדער, וועלדער, ביימער און בלומען זענען געווען גויִישע זאַכן, יידיש זענען געווען די ענגע קרומע געסלעך, דער יידישער מאַרק מיט די פיל קרעמלעך, דער שולהויף, די כשרע מקווה, דער הקדש. און זיי אַלע האָבן זיך נישט אויסגעצייכנט מיט באַזונדערס אָנגענעמענע ריחות...

אַז דער גייער האָט אָנגעהויבן פילן דאָס ווייען פון פרישע ווינטלעך און אין דער לופט האָט פאַרשמעקט מיט בעז און אַקאַציעס, מיט כל מיני ביימער און בלומען, — האָט ער געוווסט, אַז דאָס יידישע שטעטל איז שוין הינטער אים און ס׳האָט זיך אָנגעהויבן דאָס גויִישע דאָרף.

אין חיים גראַדעס ערשטן לידער־בוך „יאָ" איז פאַראַן אַ ליד אין וועלכן דער ייִנגער דיכטער שילדערט זיין אַרויספאָרן צום ערשטן מאָל פון זיין שטעטל מיט דער באַן. ער ווערט פאַרכאַפּט פון די גרינע שמעקעדיקע פעלדער און פון די געדיכט־צעצווייגטע ביימער, און אויף איינער אַ שטעל רופט דער דיכטער אויס, אַז ווען מען זאָל קאָנען אַזאַ בוים, צוזאַמען מיט די פייגל, ברענגען אין זיין שטעטל אַריין און אים אַוועקשטעלן אין שולהויף — וואָלט דאָס געווען אַ צוזאַמענלויף! דאָס גאַנצע שטעטל וואָלט געלאָפן קוקן אויף דעם וווּנדער. אומגעפער אַזוי.

און אברהם רייזען שילדערט אין זיינער אַ דערציילונג („דער בוים") אַן אַלטן בוים וואָס איז מער געלעגן ווי געשטאַנען אין אַ יידישן הויף פון שטעטל. איז דער בוים געווען אַ רשות הרבים, דער צענטראַלער פּונקט אַרום וועלכן די ווייטע און נאָענטע שכנים האָבן זיך געדרייט. אין די זומערדיקע שבת־נאָכמיטאָגן איז מען געקומען רוען אין זיין שאָטן, קינדער האָבן זיך אַרום אים געשפּילט, און ווייבער האָבן אויף זיינע האַלב נאַקעטע צווייגן געהאָנגען גרעט...

יענע אַמאָליקע בוים־ און בלום־ריינע יידישע שטעטלעך זענען מיר געקומען אויפן זינען, בעת איך האָב אין די פּסח־טעג באַזוכט די בלומען־אויסשטעלונג אין חיפה אויפן כרמל.

איך בין געגאַנגען פון ביתן צו ביתן און בין געווען געבלענדעט פון דער בלומענפּראַכט, שיכור פון דער זעלטענער פאַרבן־סימפאָניע. וואָס זענען די באַרימטע מאָלערייען פון די גרעסטע קאָלאָראַטור־מאָלער, קעגן אָט דעם שיר־השירים פון פאַרבן? קעגן אָט דעם שימערירנדיקן, לויכטנדיקן ים פון די הונדערטער פאַרבן־ניואַנסן? און ווו איז דער קינסטלער וואָס זאָל קענען נאָכצייכענען אין זייער גאַנצער האַרמאָנישער און סימעטרישער שיינקייט די הונדערטער און טויזנטער פאָרמען פון די פלאַנצן־בלעטער־בלומען מינים, וואָס די נאַטור האָט אין איר אייגענער „צייכן־אַקאַדעמיע" אויסגעצייכנט?

בישט צו ציילן די אַלע מינים פון בלומען. פלאַנצן און געוויקסן! בלומען וואָס וואַקסן אין די געמעסיקטע קלימאַטן פון צפון, און אַזעלכע, וואָס וואַקסן אין דרום, אין נגב, און אויך אין דער געגנט פון סדום. בלומען, וואָס וואַקסן אויף די בערג און בלומען פון די טאָלן, בלומען וואָס כאָוועז זיך אין די טייכן, און בלומען פון ים־סוף. בלומען אין דער פאָרם פון שלאַנגען, בלומען וואָס זעען אויס ווי איינגעדרייטע איגלען מיט שטעכיקע נאָדלען און קאַקטוס־אַרטיקע בלומען וואָס האָבן די פאָרם פון הירשהערנער.

ווי אַ שיכורער פון שווערן וויין האָב איך פאַרלאָזן דעם גאָרטן און אונטערגענומען אַ שפּאַציר אין דער שטאָט אויפן כרמל. און שפּאַצירנדיק איבער די גאַסן און געסלעך, האָב איך געהאַט דעם איינדרוק אַז איך האָב נאָך נישט פאַרלאָזט דעם „גן האם״: שטיינ־בלייבנדיק פאַר יעדן גאָרטן פון אַ הויז האָב איך געהאַט דאָס געפיל אַז דאָס בין איך נאָך ממשיך אין באַקוקן די אויסשטעלונג; אַז איך בלייב נאָך אַלץ שטיין פאַר יעדן ביתן און באַוווּנדער די רויזן, די ליליען, די גלאַדיאָלן און די הונדערטער אַנדערע בלומען־מינים. נישט מער — וואָס ביי דעם „המשך״ זענען צוגעקומען אויך פאַרשידענע ביימער־מינים, וואָס זענען איצט, אין דעם חג האביב, געשטאַנען צעבליטע און פאַרכאַפּט דאָס אויג און דאָס געמיט מיט זייערע צוויטן.

און גייענדיק אַזוי פון גאַס צו גאַס, פון הויז צו הויז, האָב איך געטראַכט וועגן יענע אַמאָליקע ענגע יידישע שטעטלעך, וואָס זענען אויסגעגאַנגען פאַר הונגער, נישט נאָר נאָך אַ שטיקל ברויט, נאָר אויך נאָך אַ ביסל גרינס — נאָך אַ ביימל און אַ בלימל. און איך האָב געטראַכט פון דעם קפיצת־הדרך וואָס יידן האָבן געמאַכט — פון כתרילעווקע ביז צום העכסטן כרמל־באַרג. אין עטלעכע יאָרצענדליק זענען זיי אַריבערגעשפּרונגען אַ יאָרטויזנט...

# די באָבע און דאָס אייניקל

די משפחה איז געקומען אין לאַנד אַריין מיטן מעכטיקן עליה־שטראָם פון נאָכן באַפרייונגס־קריג. זי באַשטייט פון פיר נפשות: פאָטער, מוטער, זון און באָבע (די מוטער פון דער מאַמען).

לויט דער רעליגיע זענען זיי אַלע יידן, עטניש־ראַסיסטיש אָבער קאָן מען די דאָזיקע פאַמיליע איינטיילן אַזוי: דער פאָטער — אַ גאַנצער ייד, די מוטער אַ האַלבע יידישקע, דער זון — אַ דריי־פערטלדיקער ייד, די באָבע — אַ גאַנצע גויע.

און איצט לאָמיר אַוועקלייגן דעם בלוטמעסטער און זיך נעמען צו דער מאָס, וואָס מעסט מענטשלעכע הערצער און געפילן, מענטשלעכן כאַראַקטער, און זען וואָס פאַר אַ רעזולטאַטן זיי וועלן אַרויס־ברענגען. מיט אַנדערע ווערטער — לאָמיר זיך באַקענען מיט די מענטשן, מיט די קאָנקרעטע פאַקטן. לאָמיר אָנהייבן אונדזער באַריכט מיט דער באָבען, אָנהייבן פון דער צייט, ווען זי איז נאָך קיין באָבע נישט געווען, נאָר אַ יונגע פוילישע סטודענטקע אויף דעם וואַרשעווער אוניווערזיטעט. די באַקאַנטשאַפט מיטן יידישן סטודענט (און שפּעטערדיקן אָנגעזעענעם אַדוואָקאַט) איז גיך פאַר־וואַנדלט געוואָרן אין אַ ליבע וואָס קאָן נישט קיין גרענעצן, וואָס לאָזט זיך דורך גאָרנישט אין דער וועלט נישט האַמעווען, און אַממווייניקסטן — דורך עטנישע און רעליגיעזע אונטערשידן.

איבעריקנס האָט דאָס פאַרהעלטעניש זיך נישט אָנגעשטויסן אויף קיין שוועריקייטן מצד די עלטערן פוןביידע צדדים, וועלכע זענען געווען פרייע, פאָרגעשריטענע כאָטש נישט דווקא אַנטירע־ליגיעזע מענטשן. זיי האָבן נישט געמאַכט קיין באַזונדערע טראַגע־דיעס פון דער פאַרבינדונג פון זייערע קינדער און די פאַרליבטע זענען באַלד געוואָרן אַ גליקלעך פּאָרל און געלעבט אין פולסטער

פאַרשטענדעניש און האַרמאָניע. די קריסטלעכע פרוי איז אַלץ מער אַריינגעצויגן געוואָרן אין דעם מאַנס וועלט, זיין געזעלשאַפט איז געוואָרן איר געזעלשאַפט. אין די ימים־נוראימדיקע טעג פלעגט זי אויס פרייען ווילן, מיטגיין מיטן מאַן אין שול אַריין, יאָ, זי פלעגט אפילו אָפּהיטן כשרות, כאָטש דער מאַן האָט דאָס פון איר נישט געפאָדערט.

זי האָט געהאַט צוויי זין און איין טעכטערל. אַז די קינדער זענען אונטערגעוואַקסן האָט זי זיי אַ חוץ אין דער פּוילישער, אויך געשיקט אין דער יידישער שול און זיי געלאָזט לערנען העברעיש. — זאָלן זיי וויסן וווהין זיי געהערן, און זיך נישט פילן פרעמד צווישן יידישע קינדער — פלעגט זי זאָגן. זי אַליין האָט מיט דער צייט זיך אויסגעלערנט לייענען און דאַווענען, און נישט נאָר רעדן, נאָר אַפילו לייענען יידיש האָט זי זיך אויסגעלערנט. די עלטערן האָבן זי גוטמוטיק אויסגעלאַכט, זי גערופן „אונדזער זשידאָווקאַ״.

אַז ס׳איז אויסגעבראָכן דער צווייטער וועלטקריג זענען די קינדער געווען אין עלטער צווישן 14 און 16 יאָר. די געשטאַפּאָ האָט די אַרישע מוטער געשטעלט פאַר אַ ברירה: אָדער זי גט זיך מיט איר מאַן און בלייבט אויף דער אַרישער זייט, אָדער זי גייט מיטן מאַן און די קינדער אין געטאָ. זי האָט קיין רגע נישט געוואַרט מיטן ענטפער.

אין אוישוויץ האָט מען זיי צעטיילט. דעם מאַן מיט די צוויי זין באַזונדער און זי מיט דער טאָכטער באַזונדער. אַ פּוילישער אַדוואָקאַט וואָס האָט דאָרט אַלס אַריער פאַרנומען אַ וויכטיקע שטעלע, האָט זיי דערקענט און זיי געהאָלפן, אַז זיי זאָלן רעגיסטירט ווערן צווישן די אַרישע העפטלינגען, ד. ה. צווישן די וואָס זענען געזיכערט פון געשיקט ווערן אין קרעמאַטאָריום. אַזוי איז זי מיט דער טאָכטער ניצול געוואָרן. דער מאַן מיט די צוויי זין אָבער זענען אַריין אין חשבון פון די זעקס מיליאָן קדושים.

צווישן דער שארית הפליטה האָט זיך געפונען אַ יונגער יידי־שער אינזשיניער, ער איז באַלד געוואָרן — איר איידעם, און זיי זענען געווען פון די ערשטע וואָס האָבן עולה געווען קיין ישראל.

זי פאַרפעלט נישט קיין אייניציקן אַזכרה־אָוונט צום אָנדענק פון די אומגעקומענע, וואָס די לאַנדסמאַנשאַפט אָרדנט איין. איז אויסער זיך ווען די טאָכטער פאַרגעסט אין יענעם טאָג צו געבן אַ ליכט אין שול אַריין און צו באַשטעלן אַ קדיש־זאָגער...

דאָס אייניקל איז שוין אַ סטודענט אויף דעם אוניווערזיטעט אין ירושלים, זי איז פון אים נישט צופרידן. ראש השנה און יום כפור וויל ער נישט מיטגיין מיטן פאָטער אין שול אַריין — שטויות! — זאָגט ער אויפן דאַווענען, און זעצט זיך אַוועק מיטן ליולקעלע אין מויל לייענען דעם ענגלישן זשורנאַל „לייף" און דעם העברע־אישן „עולם הזה".

דעם פאָטער פאַרדריסט עס אַפילו, אָבער צו שטאַרק צום האַרצן נעמט ער זיך נישט דערפון. און אויך די בלאָנדע האַלב־יידישע מאַמע איז דערפון נישט צופרידן. אַמווייניקסטן צופרידן פון דעם בחור איז די באָבע. זי קאָן בשום אופן נישט שלום מאַכן מיט דעם אייניקלס אויפפירונג. — ערגעץ דאַרף דאָך אַ מענטש געהערן! עפּעס דאַרף ער דאָך זיין — אַ ייד, אַ קריסט, אַ מאַכמעדאַנער... דער אָבער איז נישט אַהין און נישט אַהער. איז ווי אַ ווילדע פלאַנץ, אָדער ווי אַן אָפּגעריסענער צווייג פון אַ בוים. אָן וואָרצלען, אָן ערד, אָן זאַפטן. קאָן דאָך אַזאַ געוויקס לאַנג נישט לעבן! און אויך דאָס בערדל וואָס דער בחור לאָזט זיך וואַקסן, געפעלט איר נישט. די דאָזיקע בערדלעך שמעקן מיט הפקרות, מיט עקסטראַוואַגאַנטקייט. זענען אויסגעוואָרצלט פון יעדער טראַדיציע. נישט דער טאַטע און נישט דער זיידע זיינער האָבן געטראָגן בערד, און האָבן אָפּגעהיט די טראַדיציע און דעם שטייגער פון זייער שטאַם... אַזוי טראַכט די אַרישע באָבע פון דעם יידישן אייניקל.

און איך, קוקנדיק אויף אָט דער פאַמיליע, טראַכט: ווען מען

וואָלט זיך ביי אָט די מענטשן וועלן שטעלן די ביי אונדז אַזוי אַקטועל געוואָרענע פראַגע: „ווער איז אַ ייד?" וואָלט איך ווילנדיק־נישט ווילנדיק געמוזט אָנווייזן נישט אויף דעם יידישן אייניקל, נאָר אויף זיין אַרישער באָבע...

## צו דער פראַגע „ווער איז אַ ייד״?

— איר מעגט אויף מיר זאָגן וואָס איר ווילט. איר מעגט מיך אָנרופן רעאַקציאָנער, שאָוויניסט, ראַסיסט, שונא־ציון, יאָ, אַפילו שוטה און טיפּש מעגט איר מיך אָנרופן, וועט איר ביי מיר גאָר־נישט פּועלן. בלייב איך ביי מיין מיינונג. צו דער פראַגע „ווער איז אַ ייד״ האָב איך מיר מיין אייגענעם צוגאַנג, מיין אייגענע טעאָריע. די דאָזיקע טעאָריע מיינע קאָן איך נאָר נישט דערקלערן מיטן שכל, מיט דער לאָגיק. ביי מיר איז דאָס אַ געפילזאַך. און דאָרט ווו דאָס געפיל איז אין שפּיל, ווערן דאָך קיין שום לאָגישע אַרגומענטן נישט העלפן. איר פאַרשטייט?

אַזוי האָט געטענהט דער אַדון ווייסמאַן וואָס ווינט דאָס צווייטע הויז פון מיר, זיצנדיק דעם פאַרגאַנגענעם שמחת־תורה אין דער סוכה, וואָס מיינע אַכשנזישע שכנים האָבן בשותפות אויפגעשטעלט.

— איר ווייסט אַלע גאַנץ גוט, אַז איך בין אין גאַנצן אַ פרייער. גיי נאָר ראש השנה און יום־כפור אין שיל אַריין, און דאָס אויך נישט מחמת פרומקייט, נאָר צוליב אַ סאָלידאַריטעט־געפיל. ווייל אַלע יידן געפינען זיך אין יענע טעג דאָרט. איך זיץ אין שיל אַ שעה צי אַנדערטהאַלבן און גיי אַהיים אַ באַפרידיקטער: יוצא געווען פאַר מיין יידישקייט־געפיל. סוכות זיץ איך אין סוכה און, — איר וועט לאַכן — בענטש אַפילו אתרוג, כאָטש איך דאַוון קיין מאָל נישט. ווייל פאַר מיר איז דאָס זיצן אין סוכה און דאָס אתרוג בענטשן מער יידישקייט ווי דאָס דאַוונען...

— איך האָב עטלעכע יאָר געוווינט טיר ביי טיר מיט אַ „שוואַרצן״ שכן, דאַכט זיך פון מצרים — האָט דער אַדון ווייסמאַן פאַרגעזעצט זיין שמועס — און אַחוץ דעם „שלום״ ביים פאַרבייגיין, האָב איך מיט אים אין די אַלע יאָרן קיין וואָרט נישט גערעדט.

אויסגעזען האָבן די מענטשן ווי אַראַבער, גערעדט נאָר אַראַביש, געהערט דעם גאַנצן טאָג די גרילצנדיקע אַראַבישע מוזיק אין ראַדיאָ, נישט געגאַנגען אַפילו יום־כּפּור אין שול אַריין. איז מיט וואָס זענען זיי געווען יידן? דערמיט וואָס זייערע זכרים זענען געמלט? זענען דאָך די אַראַבער אויך געמלט. נו, זענען זיי דערמיט יידן?

— די משפּחה האָט זיך אַרויסגעצויגן און אויף איר אָרט האָט זיך אַריינגעצויגן אַ תימענער משפּחה מיט אַ סך קינדער. ווי דאָס רוב תימענער, איז אויך די משפּחה געווען זייער פרום. יעדן שבת און יום־טוב איז דער פאָטער מיט די קינדער געגאַנגען דאַווענען אין דער ספרדישער שול אַריין. אָבער אויך זייער דאַווענען האָט מיך נישט אָנגעוואַרעמט. איר זענט שוין אַ מאָל געווען אין אַ ספרדישער שול? מאַכט נישט זייער דאַווענען אויף אייך דעם איינדרוק ווי איר וואָלט הערן קאַלענדעווען? ניין, נישט דאָס דאַווענען איז דער עיקר, נישט דער טעקסט, (וואָס איז כּמעט ביי אַלע דער זעלבער) נאָר דער ניגון, דער נוסח, איר פאַרשטייט?

—דעם היינטיקן ערב יום־כּפּור צום פאַרפאַסטן בין איך מיט עפּעס אַן אויסרייד אַריין צו מיין נייעם שכן. געוואָלט פאַר אַ טשיקאַווע זען ווי אַזוי סע זעט אויס דאָס פאַרפאַסטן ביי די דאָזיקע יידן. האָב איך די גאַנצע משפּחה געטראָפן זיצן ביים טיש ביי אַ גרויסער שיסל מיט „חומוס” אין וועלכע אַלע האָבן געטונקען די ווייכע אַראַבישע „פּיטה”.

— אַרויסגעגאַנגען פון מיין שכן בין איך מיט אַ געפיל אַז די דאָזיקע יידן זענען אַזוי ווייט פון אונדזער יידישקייט, ווי ווייט ס׳איז זייער „חומוס” פון אונדזערע קרעפּלעך ביים ערב יום־כּפּורדיקן פאַרפאַסטן...

— איך האַלט דעריבער — האָט דער אַדון ווייסמאַן פאַרענדיקט זיין שמועס — אַז דער איז אַ ייד, וואָס גלייבט און אַנערקענט, אַז דאָס שמחת־תורהדיקע פענדל און דער פּורימדיקער גראַגער;

די שבועותדיקע מילכיקע בלינצעס און די חנוכה־לאַטקעס; דאָס קריאת־שמע־לייענען ביי קימפעטאָרנס און דאָס „באַוואַרפן" דעם חתן ביים אויפרופן אים שבת אין שיל, און נאָך אַ סך, אַ סך אַזוינע „תשמישי קדושה" — געהערן צום יידישן דת, זענען אַ תורה־מסיני...

— די וואָס קענען דאָס נישט, אָדער די וואָס האַלטן נישט דערפון זענען ביי מיר נישט קיין פאָלנע יידן...

# דיביימער פון מיין שכן

זיי האָבן זיך אויף מיר אָנגעזעצט, די דאָזיקע ביימער, זיי גיבן מיר נישט קיין רו, רייצן זיך מיט מיר, חוזקן פון מיר, מאַכן מיך צו נישט. איך וויל זיי אויסמיידן, זײ נישט זען. איז דאָס אָבער נישט מעגלעך: איך מוז דאָך עטלעכע מאָל אין טאָג פאַרבייגיין דעם שכנס גאָרטן. קיין אַנדערן וועג צו מיין ווינונג האָב איך דאָך נישט.

און ווען כ'וואָלט אַפילו יאָ געהאַט, וואָלט אויך גאָרנישט גע־האָלפן: זע איך דאָך די ביימער פון מיין שטוב אויס, זייערע שפּיצן גרייכן דאָך שוין ביז צום ערשטן שטאָק אַרויף!

איך דאַרף נאָר וואַרפן אַ בליק צו מיין פענצטער, פאַלן זיי מיר אין די אויגן. און אַז איך קוק אַרויס דורכן פענצטער פון מיין צווייטער שטוב, זע איך: אַ גרויסן נאַקעטן זאַמד־שטח — דאָס שטיקל פּלאַץ, וואָס געהערט צו מיר.

ביידע — איך און מיין שכן — זענען מיר, אין דעם זעלביקן טאָג, געווען ביי דער הגרלה (ציִונג) פון אונדזער שיכון. אויף אים איז אויסגעפאַלן דער גורל די אונטערשטע דירה, אויף מיר — דער ערשטער שטאָק. אין דער זעלביקער וואָך האָבן מיר זיך אַריינגע־צויגן. ער האָט זיך דאָס ערשטע אַ נעם געטאָן צו זיין גאָרטן. אויס־געמאָסטן דעם שטח, וואָס געהערט צו אים, אַריינגעקלאַפּט אייזערנע פּלאָקנס אין דער ערד, געצויגן דורך זיי דראָטן. די צווייטע וואָך האָט שוין אַ פולגעלאָדענער לאַסטאויטאָ אָפּגעוואָרפן אויף זיין זאַמד־שטח אַ קופּע „חמרה״־ערד, מיט וועלכער ער האָט איבער־געדעקט די זאַמדן. און אויף דער דריטער וואָך איז ער שוין גע־שטאַנען מיט אַ לאַנגן גומי־שלויך און באַגאָסן די נישטיקע קליינע

פלאַנצן אוןביימלעך, וואָס האָבן זיך שוואַך און הילפלאָז געטוליעט צו דער פריש „געמאַכטער״ ערד.

אַ פּראָסטער מענטש איז מיין שכן, אַ ניכטערער און פּראַקטי־שער, געווינט צו פיזישער אַרבעט. האָט ער יעדע פרייע צייט גע־ווידמעט זיין גאָרטן, זיך נישט פאַרגונען קיין מינוט רו, געפלעגט און געצערטלט יעדעס גרעזל וואָס האָט „געקרענקלט״, געדראָט אַוועקצושטאַרבן; „געמינטערט״ יעדעס פאַרחלשט ביימל מיט וואַ־סער, עס געקאָרמעט און געקעכלט מיט פרישער, פעטער „חמרה״־ערד. אַזוי לאַנג, ביז ס׳איז צו זיך געקומען.

אַ פשוטער מענטש איז מיין שכן, אַ האָרעפּאַשניק, מיט האַרטע פאַראַרבעטע הענט. און איך... מיין באַפליגלטע פאַנטאַזיע, צוגעווינט צו הויכע קלעטערונגען, צו עקסקורסיעס דורך צייט און רוים — איך האָב אַראָפּגעקוקט מיט ביטול אויף אַזוינע מוראַשקע־אַרבעטן. אין חלום האָבן אַלע מיינע גערטנער געגרינט און געבליט מיט די שענסטע פאַרבן.

אַ יאָר נאָך אַ יאָר איז פאַרגאַנגען. מיין פּלאַץ שטייט נאָך היינט אַ נאַקעטער, נישט באַגרינטער. אָבער דער גאָרטן פון מיין שכן האָט זיך פונאַנדערגעבליט. זיינע ביימער האָבן זיך צעוואַקסן אין דער לענג און אין דער ברייט, געשלאָגן טיפע וואָרצלען.

און יעדעס מאָל, ווען איך זע מיין שכן, ווי ער ליגט מיט זיין בני־בית אויפן גרינעם גראָז־טעפּיך פון זיין גאָרטן, אין שאָטן פון זיינע געדיכט־צעצווייגטע ביימער, — דריי איך אַוועק דעם קאָפּ... איך פיל, ווי די ביימער חוזקן פון מיר, דעם בטלן, וואָס האָט פון אַלע זיינע באַפליגלטע עקסקורסיעס נישט באַוויזן מיטצוברענגען קיין איין גרין צווייגל פאַר זיין נאַקעטן גאָרטן...

יצחק פאַנער

# אויף אַ געמישטער חתונה

די „געמישטקייט", וואָס איך באַשרייַב דאָ איז נישט קיין גע־מישטקייט צווישן יידן און גוים, ווי עס איז, למשל, אַמאָל געווען די חתונה פון אונדזער יידישן וועלט־באַרימטן פידלער יהודי מנוחין, וועמענס אייניקל עס איז היינט אַ פּראָדוקט פון אַ יידישן זיידן, אַ קריסטלעכער באָבע און אַ כינעזישן טאַטן...

איך נישט וועגן אַ געמישטער חתונה צווישן אַן עכט־יידישן חתן און אַ „צווייפּלהאַפּט"־יידישער (לייען „בני־ישראלדיקער") כלה — וויל איך דאָ רעדן. די חתונה, אויף וועלכער איך בין גע־ווען איז אַ כשרע, אַ לעגיטימע, פון גאָט און לויט סאַנקציאָנירטע: עס איז אַ חתונה צווישן אַן אשכנזישן חתן און אַ ספרדישער כלה.

פונקט ווי ביי אונדז אשכנזים האָבן „אַלע יוונים איין פּנים", אַזוי האָבן ביי די ספרדים (איך מיין ביי די יידן פון די אַראַבישע לענדער) אַלע אשכנזים איין פּנים. אַ ייִד פון ווילנע צי פון בערליך, פון קאָפּענהאַגען צי פון קאָלאָמיי איז ביי זיי דער זעלבער יחוס, דער זעלבער „וואָס־וואָס"־ניק. ביי אונדז אשכנזים אָבער האָבן נישט אַלע ספרדים איין פּנים, געהערן נישט צו איין ראַסע... מיר קלייבן זיך דווקא יאָ פונאַנדער צווישן די פּסעוודאָ־ספרדים, דאָס הייסט צווישן די יידן, וואָס שטאַמען פון איראַק, מאַראָקאָ און אַנדערע אַראַבישע מדינות און די עכטע ספרדים, די יידן, וואָס שטאַמען פון טערקיי, גריכנלאַנד, פּאָרטוגאַל אָדער בולגאַריע. די דאָזיקע ספרדים זענען אונדז נענטער ווי די פּסעוודאָ־ספרדים (וואָס זענען פון אונדז אַזוי ווייט, ווי ווייט עס איז למשל איראַק פון בבל...) — אפשר דערפאַר, ווייל זיי זענען גלייך ווי מיר אשכנזים — אייראָפּייער, ווייל זיי האָבן גלייך מיט אונדז געגאָסן פון דער געבענטשטער איי־

ראָפּעישער ציוויליזאַציע — אין מיטלאַלטער נישט ווייניקער ווי אין צוואַנציקסטן יאָרהונדערט...

און אפשר זענען זיי אונדז דערפאַר נענטער, ווייל מיר זעען אין יעדן עכטן ספרדי אַן אוראייניקל פון איבן גבירול, פון יהודה הלוי, פון שלמה מולכו... ווייל מיר זעען אין יעדן לאַדינאָ־רעדער אַן אוראייניקל פון אַן עלטער־זיידן, וואָס איז מיט צעפּלאָקערטע אויגן פון אמונה און מיטן נאָמען פון „אחד" אויף די ליפּן, גע־גאַנגען צום שייטערטויט.

יאָ, זיי זענען אונדז נענטער די לאַדינאָ־ספרדים, כאָטש זייער נוסח יידישקייט איז אַ ביסל אַנדערש ווי אונדזערער. ביי אונדז למשל, „זאָגט" מען אַ סך אין די שולן, ביי זיי — זינגט מען. וואָס שווערער עס דריקן די יידישע צרות, אַלץ מער ווערט געזונגען: אַז מען זינגט זיך גוט אויס ווערט לייכטער אויפן האַרצן... נישטאָ ביי זיי קיין בעל־בכי אויף צו „ברעכן הערצער", פאַראַן נאָר אַ בעל־מנגן. נישט דער בעל־תפילה, נאָר דער כאָר איז דער עיקר. אַפילו אין די ימים־נוראים (דעמאָלט ערשט רעכט) זינגט מען ביי זיי מער ווי מען דאַוונט. נישט מען בעט זיך אויס, נאָר מען זינגט זיך אויס אַ גוט יאָר...

רק מען זינגט. מען זינגט אַפילו דעמאָלט, ווען דאָס האַרץ חלשט ממש אַ וויין צו טאָן. למשל אויף אַ שמחה. אויף אַ חתונה. ווען האָט נאָך אַ יידישע פרוי אַזאַ גוטע געלעגנהייט צו כאַפּן אַ וויין, ווי אויף אַ חתונה, בעת די כלה שטייט אונטער דער חופּה?

ביי „זיי" אָבער נישט נאָר וואָס מען וויינט דעמאָלט נישט, נאָר פאַרקערט: די מוזיק שפּילט און דער כאָר זינגט אַזאַ פרייילעכן מאַרש, אַז עס פאַלט אַפילו נישט איין צו וויינען.

ביי „אונדז" איז דער חתן דאָס איבערשטע פון שטייסל, „חתן דומה למלך". און ער ווערט אויך באַהאַנדלט ווי אַ קעניג. ביי „זיי" איז פאַרקערט. איז „כלה דומה למלכה". און ווי אַ קעניגן ווערט זי אויך באַהאַנדלט. אויף דער חתונה איז דער חתן בלויז דער כלהס

„ערב־מאַן“, איז אַ מין — „דיוק אָוו וואָלעס“... זי די „קעניגין“ הערשט און באַהערשט איר „קעניגרייך“ — דעם זאָל מיט די געסט — אירע „אונטערטאַנען“.

מען דאַרף לאַנג וואַרטן ביז זי באַווייזט זיך. אַלע געסט זענען שוין לאַנג פאַרזאַמלט. דער אשכנזישער חתן דרייט זיך אַרום צווישן די געסט ווי איינער פון זיי. נאָר אַ ביסל פּייערלעכער...

יעדעס מאָל ווען עס עפנט זיך די טיר, ווענדן זיך אַלעמענס בליקן אין יענער ריכטונג, און ווענדן זיי ווידער אָפּ אַנטוישטע, ווען בלויז אַ פּאַרשפּעטיקטער גאַסט באַווייזט זיך.

ענדלעך אַנטשטייט אין זאָל אַ באַוועגונג. די טיר עפנט זיך ברייט. אין זאָל בילדן זיך מאָמענטאַל צוויי רייען, אַ „שפּאַליר“. דער כאָר באַגריסט די „קעניגין“, וועלכע באַווייזט זיך, באַלויכטן פון אַ רעפלעקטאָר. זי קומט אַריין, שלאַנק און מאַיעסטעטיש, אין ווייסע גאַזן און שלייערן געהילט, געפירט פון דער „קעניגין־מוטער“ און דעם „קעניג־פאָטער“. זיי פירן זי אַרויף צו דער מזרח־וואַנט און זעצן זי אַוועק אויף דעם פּילקאָליריק־פּאַרצירטן „טראָן“.

און אונטער דער חופּה, איז נישט דער מסדר־קידושין דער עיקר, נאָר די מוזיק, דער כאָר־דיריגענט...

די ברכות ווערן דאָ פּאַרטיילט. מיט יעדן פּסוק איז מען אַן אַנדערן אָנגעזעענעם גאַסט מכבד. און נאָך יעדער ברכה שפּילט אויף די מוזיק און עס זינגט דער כאָר.

היינט, גיי און ווייז ביי „זיי“...

נאָר צום סוף, נאָך אַלע צערעמאָניעס, האָט מען זיך געווונטשן מזל־טוב — פּונקט ווי ביי „אונדז“, און אויך צעקושט האָט מען זיך פּונקט ווי ביי אונדז אשכנזים...

איך האָב דאַן אַ קוק געטאָן אויף דער כלהס מאַמע, דער „לאַ־דינאָכע“, און — איך וואָלט געקענט שווערן, אַז איך האָב געזען אין אירע אויגן גלאַנצן טרערן — פּונקט אַזוי ווי ביי דער אשכנזי־שער מאַמען...

# אַדאַנק זיין שלימזל

זיינע לאַנדסלייט, וואָס קענען אים פון דער אַלטער היים, קאָנען זיך נישט געבן אַן עצה מיט זיין איצטיקער גאַנג. ווי אַזוי — פרעגט מען זיך — האָט עס געקאָנט געשען, אַז דער מענטש, וואָס איז יאָרנלאַנג געזעסן אויף דער קעלניע און געטריבן פרעמדע פערד; אַז אָט דער פּראָס־טער חי־וקיים, וואָס קאָן קיין צוויי נישט ציילן, שוין אָפּגערעדט פון אונטערנעמען זיין אייגענעם נאָמען, אַז אָט דער מענטש זאָל דאָ אין ישראל, אין געציילטע עטלעכע יאָר ווערן אַ באַזיצער פון הייזער און מגרשים? אַז פון דעם אַמאָליקן בערל שמייסער זאָל כמעט איבער נאַכט ווערן דער אדון דב פז (אָפּגעקירצט פון פּאָזנער).

ווי אַזוי טאָקע איז דאָס געשען?

— מזל? פּוסטע זאַכן. ווען בערל וואָלט געהאַט כאָטש אַ פּיצל מזל, וואָלט ער נישט געווען יאָרן אַ שמייסער ביי יענעם, נאָר וואָלט מיט דער צייט זיך דערשלאָגן צו אַן אייגענעם שטיקל געשעפט. גיכער וואָלט איך געזאָגט, אַז אויפגעריכט איז בערל געוואָרן אין ישראל דווקא אַדאַנק זיין שלימזל. איר לאַכט? טאָ הערט פאַר אַ טשיקאַווע די מעשה און זאָגט אַליין צי בין איך נישט גערעכט.

געקומען איז לאַנד אַריין איז בערל שמייסער עטלעכע וואָכן נאָך דער באַפרייונגס־מלחמה. אין יענע צייטן האָט מען נאָך ביי עולים נישט געגעבן קיין שיכונים, נאָר די עולים האָבן זיך אַליין גענומען: די אַראַבער זענען נאָר וואָס געהאַט אַנטלאָפן, איבער־לאָזנדיק זייערע הייזער אויף גאָטס באַראָט. און ווער עס האָט נאָר געהאַט פלינקע פיס צו לויפן, אַ מויל צו רעדן און אַ ביסל מזל, האָט פאַרכאַפּט לוקסוס־דירות אין מיטן יפו אָדער חיפה (אַ סך אַפילו שוין מיט מעבל). די עולים, וואָס האָבן די אויסגערעכנטע מעלות פאַרמאָגט אין אַ קלענערער מאָס, זענען אַריין אין דירות, וואָס זענען

געלעגן ווייטער פון די גרויסע שטעט. יענע עולים אָבער וואָס האָבן זיך פון שטענדיק „אויסגעצייכנט" מיט זייער שלימזלדיקייט, האָבן פאַרכאַפּט האַלב צעבראָכענע, האַלב חרובע אַראַבישע כאַטקעלעך, ערגעץ אין פאַרוואָרפענע ווינקלען. קיין מעבל אין אַזעלכע „סאַ־לאָנען" האָבן, פאַרשטייט זיך, די אַראַבער נישט איבערגעלאָזט, דערפאַר אָבער גאַנצע קופּעס מיסט פאַר די שוועלן, און מחנות שאַ־קאַלן, וואָס האָבן נאַכט ביי נאַכט לכבוד די נייע געסט געשפּילט זייערע פאַרכאַפּנדיקע סערענאַדעס...

אַזוי ווי אונדזער בערל האָט געהערט צו דער לעצטער קאַטע־גאָריע עולים, האָט ער פאַרכאַפּט אַ דירה אין איינער פון די פיל „סחנהס", וואָס ליגן צעוואָרפן צווישן יפו, חולון, יזור און סביבה. די דאָזיקע סחנהס זענען ענלעך איינע צו דער אַנדערער, ווי צוויי וואַסער־טראָפּנס, מיט זייערע שמאָלע אייזל־שטעגן, סטעזשקעלעך, וואָס פאַרלירן זיך ערגעץ אין ווילדע סאַברע־קוסטעס אָדער פאַר־טריקנטע פּרדסים, און ענלעך מיט זייערע קליינע הילצערנע אָדער ליימענע הייזלעך, וואָס ליגן צעוואָרפן אין אַ כאַאָטישער אומ־אָרדענונג.

גייט אַוועק אַ יאָר נאָך אַ יאָר, און בערלס „סחנה" ווערט אַלץ לײדיקער און ליידיקער. יעדעס מאָל ציט זיך איבער אַן אַנדערער עולה אין אַ באַלעבטערער געגנט, אין אַ לייטישער דירה. מען טוט וואָס מען קען אַבי נישט צו בלייבן וווינען אין דעם העק. איבער־געבליבן זענען בלויז זקנים, קראַנקע און אַזעלכע, וואָס זענען פּונקט די זעלבע שלימזלניקעס און אומפּעיִקע עפּעס אויפצוטאָן, ווי בערל שמייסער.

ויהי היום, אין איינעם אַ טאָג וואַקסן אויס אין בערלס „סחנה" מענטשן מיט מעסט־מכשירים. זיי מעסטן אויך דעם באָדן פון בערלס נחלה. מעסטן, רעכענען און פאַרשרייבן.

ס'האָט נישט לאַנג געדויערט זענען צו בערלען אין הייזל אַריינגעקומען צוויי פרעמדע מענטשן און אים מודיע געווען, אַז

מען וועט זיין הייזל צענעמען און אויף דעם פּלאַץ וועט מען בויען אַ שאָסיי און אַ ריי שטאָקיקע הייזער.

פאַרשטייט נישט בערל: וואָס הייסט מען וועט זיין הייזל צע־נעמען? און ווו וועט ער מיט דער פאַמיליע וווינען?

— אייך — האָט מען אים געזאָגט — וועלן מיר געבן אַ דירה אין די נייע הייזער, וואָס מיר וועלן אויסבויען. איר האָט מזל...

ווי אַ בליץ האָט זיך די נייעס צעשפּרייט. באַקאַנטע און פרעמדע זענען געקומען אים אָפּגעבן מזל־טוב... אַנדערע זענען געקומען פרעגן צי וואָלט ער נישט געוואָלט זיין נייע דירה פאַרקויפן. מען איז אים איבערגעלאָפן.

אַוודאי האָט ער געוואָלט. ווייל: וואָס וועט ער טאָן מיט אַזאַ גרויסער דירה? והשנית — ווו וועט ער נעמען מעבל פאַר אַזאַ עלעגאַנטער דירה? און בכלל...

בערל האָט דאָס געלט, זיין ערשטן קאַפּיטאַל, אויף דער עצה פון גוטע פריינד (ביי געלט זאַכן ווייזן גוטע פריינד אַרויס אַ באַ־זונדערע פריינדשאַפט) אַריינגעלייגט אין אַ באַנק, איבערלאָזנדיק זיך נאָר אַזוי פיל וויפל ער האָט געדאַרפט האָבן אויפן הילצערנעם באַראַקל, וואָס ער האָט געקויפט אין אַ צווייטער „סחנה", דרום־מזרחדיק פון יפו.

נאָכן אָפּוווינען דריי יאָר אין „סחנה ב'", קומען ווידער צו בער־לען עטלעכע פרעמדע מענטשן און זאָגן אים, אַז אויף דעם פּלאַץ ווו עס שטייט זיין הייזל, ווערט געבויט אַ נייער אַספאַלטירטער שאָסיי, וואָס וועט פאַרקירצן דעם וועג פון תל־אביב קיין בת־ים מיט גאַנצע 12 מינוט...

— און ווו וועל איך וווינען? — מאַכט זיך שוין איצט בערל תמעוואַטע.

— איר וועט באַקומען באַצאָלט. דערפאַר טאַקע זענען מיר צו אייך געקומען.

ווי זאָגט דאָס ווערטל: דער אַפּעטיט קומט מיטן עסן. נאָך דער

ערשטער גרויסער סומע, האָט בערל (צום ערשטן מאָל אין זיין לעבן) אָנגעהויבן פילן דעם טעם פון געלט. און צוזאַמען מיט אָט דעם טעם האָט זיך אויך אָנגעהויבן שאַרפן זיין שכל. בערל שמייסער איז איצט געוואָרן אַ דיפּלאָמאַט: ער האָט זיך כלומרשט איינגעשפּאַרט: ער וויל נישט אַרויס פון דער דירה. בשום אופן נישט...

— ס׳טייטש?

ער האָט זיך זיין חשבון...

ער באַקומט דאָך כך וכך.

ניין. נאָר אויב שוין יאָ פּאַרקויפן, איז נאָר פאַר אַזוי פיל און אַזוי פיל.

און בערל האָט אָנגערופן אַ גאָר גרויסע סומע.

— איז ער, חלילה, אַראָפּ פון זינען?

ניין. אַנדערש נישט.

די מענטשן זענען אַוועק און ווידער געקומען נאָך עטלעכע טעג. עס איז אַוועק אַ דינגעניש, אַן אַמפּערניש, ביז מען איז סוף־כל־סוף געקומען צו אַן אויסגלייך.

איצט איז בערל געקומען צו דער איבערצייגונג, אַז אַדאַנק זיין שלימזל לויפט אים נאָך אין דער יידישער מדינה דאָס מזל אויף שריט און טריט... אַז פון גאָרנישט טאָן, טוט ער מער אויף ווי די גרויסע אויפטוערס...

נאָך דער דריטער טראַנסאַקציע, דאָס הייסט, נאָך דעם ווי בערל האָט אָפּגעגעבן זיין דריט הייזל, וואָס ער האָט זיך דערוואָרבן אין אַן אָפּגעלעגן ווינקל, צו אַ בוי־געזעלשאַפט פאַר אַ גאָר שיינער סומע, האָבן צוויי קבלנים, בוי־אונטערנעמער, דערשפּירט אין בערלען דעם אידעאַלן געלט־שותף, און — — — —

דאָ ענדיקט זיך די מעשה פון בערל שמייסער און עס הייבט זיך אָן אַ שפּאָגל נייע: די מעשה פון דער בוי־געזעלשאַפט „דב פּז ושות׳“...

# דער שליסל

די אַלטע איז געקומען צו דער טאָכטער אין קיבוץ אַריין פינף יאָר נאָכן חורבן. זי איז געווען צווישן די ווייניקע וואָס האָבן זיך צוריקגעקערט פון די טראַנסניסטרישע לאַגערס. צווישן די וואָס זענען דאָרט געבליבן איז אויך געווען דער מאַן. ער איז שוין אויפן וועג אויסגעגאַנגען, בעת זי, די שוואַכע, די אייביק קרענקלעכע, האָט אויסגעהאַלטן אַלע שטראַפּאַצן, אַלע פּיינען און פּייניקונגען און זיך אומגעקערט אין דער חרובער היים.

דער קיבוץ איז איר שוין פון די ערשטע טעג נישט געפעלן געוואָרן. זי האָט, למשל, נישט געקענט פאַרשטיין, וואָס די טאָכטער מיטן איידעם דאַרפן באַזוכן זייער אייגן קליין מיידעלע אין קינדער־היים אין אַ פאָרגעשריבענער צייט, ווי מען באַזוכט קראַנקע אין שפּיטאָל. זי האָט אויך נישט געקענט פאַרטראָגן ווי דפנה, איר 8־יאָריק אייניקל, רופט די אייגענע מוטער „שושנה" און דעם פאָטער — „דוד". אַזוינס האָט נאָך די וועלט נישט געהערט — האָט זי געהאַט תרעומות צו דער טאָכטער — אַז קינדער זאָלן רופן די אייגענע טאַטע־מאַמע ביי די פאָרנעמען! איז דאָך גאָר קיין חידוש נישט, האָט זי נישט אויפגעהערט טענהן צו דער טאָכטער — אַז ווען קינדער ווערן אויפגעכאָוועט פון פרעמדע און זיי באַזוכן די עלטערן ווי געסט — זענען ביי זיי די אייגענע עלטערן די זעלבע מיוחסים ווי די אַנדערע קיבוצניקעס. און הערנדיק ווי דאָס אייניקל רופט די מוטער שושנה האָט זי איר געפּרוווט אויסבעסערן: נישט שושנה, נאָר מאַמע! דערויף האָט זיך דפנה אַזוי חוצפּהדיק און שפּאָטיש צעלאַכט, אַז די אַלטע האָט זיך אַזש צעוויינט פאַר ווייטיק און בושה.

אַלץ איז איר דאָ געווען ווילד פרעמד, אויסטערליש. דאָס גיין

יעדן טאָג אין חדר־האוכל צו די מאָלצייטן, איז איר געווען אַן אָפּקומעניש. זי האָט נישט פאַרטראָגן דעם רעש און געטומל. עס האָט איר נישט באַקומען דאָס עסן צווישן אַזוי פיל מענטשן. ס׳גאַנצע לעבן האָט זי געלעבט פאַר זיך. געווען געוווינט צו זיצן ביי אַן אייגענעם טיש, צווישן אייגענע פיר ווענט, צו קאָכן וואָס זי האָט געוואָלט. וואָס די אייגענע האָבן ליב געהאַט און זיך געווינטשט. אַלץ איז געווען גאָטס און אירס. און דאָ — גאָט זאָל זי נישט שטראָפן פאַר די רייד! וואָלט כאָטש די פאַמיליע געקומען צום עסן אין איינעם, געזעסן ביי איין טיש. איז אויך דאָס נישט. עסט דאָס קינד אין קינדערהיים, דפנה — אין איר אַנשטאַלט. בלויז זי קומט די טאָכטער נעמען צו די מאָלצייטן און זיי זיצן ביי איין טיש. דער איידעם קומט ווען ס׳קומט אים אויס, פון דער אַרבעט, און ער זעצט זיך אַוועק ווו ס׳איז דאָ פּלאַץ. עסט אָפּ און לויפט ווידער אַוועק צו דער אַרבעט.



אַז די קליינע אורית איז אַלט געוואָרן 8 יאָר און דפנה 14, האָט די משפחה פאַרלאָזט דעם קיבוץ און זיך איינגעאָרדנט אין ער גרויסער שטאָט.

אויך דאָ האָט זיך די אַלטע געפילט פרעמד. דער אייביקער גערויש פון די טויזנטער אויטאָס און אויטאָמאָבילן האָט זי צעטומלט און דענערווירט. זי האָט מורא געהאַט אַריבערצוגיין די גאַס אַפילו ביים גרינעם ליכט. אַז זי האָט אַ מאָל דערזען צווישן די אומצייליקע פאַרביירוישנדיקע אויטאָס פאָרן אַ פערד־און־וואָגן, איז זי שטיין געבליבן און אים לאַנג נאָכגעקוקט, ווי זי האָט אַ מאָל, אַלס קליין מיידעלע, נאָכגעקוקט אַן אויטאָ, וואָס איז אַ מאָל, פאַר אַ נאָווינע, פאַרבייגעפאָרן איר שטעטל.

קינדער אויף דער גאַס רופט זי נישט אַנדערש ווי „שקצים"

און די תימנקע, וואָס מאַכט ביי זיי „ספּאַנדזשע" איז ביי איר די „גויע": — די גויע האָט היינט געפּוצט די פענצטער, מעג מען איר איבערברעכן די הענט — זאָגט זי. און אַז די טאָכטער בעט זי, זי זאָל די עוזרת נישט רופן „גויע", רופט זי זי אין איר אָנוועזנ־הייט — די „ערלטע" אָדער „די ערלת".

די אמתע צרה האָט מען מיט דער אַלטער געהאַט מיטן שליסל צו דער דירה.

אַ שטיק צייט האָט די פאַמיליע געוווינט אין אַ געדונגענער דירה. אין איינעם אַ טאָג האָט דער איידעם באַקומען פון דער בוי־געזעלשאַפט דעם שליסל צו דער נייער אייגענער וווינונג. אַזוי לאַנג מען האָט פאַרשלאָסן די טיר מיט דעם דאָזיקן שליסל האָט מען געהאַט רו. די צרות האָבן זיך אָנגעהויבן ווען דער איידעם האָט געלאָזט מאַכן אין דער טיר אַ יעל־שלאָס, און געקויפט פאַר יעדן אַ באַזונדערן שליסל, כדי מען זאָל נישט זיין אָפּהענגיק איינער פון צווייטן. די אַלטע האָט אָבער דעם יעל־שליסל אַוועקגעלייגט און זיך ווייטער באַנוצט מיטן אַלטן שליסל, וועלכער האָט ביי איר געהייסן דער „עכטער" שליסל. צו דעם נייעם שלאָס און צו דעם דינטשיקן פלאַכן שליסעלע האָט זי קיין פאַרטרויען נישט געהאַט. „אַזוי לאַנג ווי מען האָט פאַרשלאָסן די טירן מיט די „עכטע" שליס־לען, זענען נישט פאָרגעקומען קיין גניבות, האָט מען נישט אויפ־געבראָכן קיין שלעסער — האָט זי געזאָגט. — די היינט־מאָדישע שלעסער זענען ווי די גרינע ליכטער אויף די גאַסן: וואָס מער גרינע ליכטער, אַלץ מער מענטשן ווערן יעדן טאָג איבערגעפאָרן..."

איז נישט אַוועק קיין טאָג מען זאָל מיט דער אַלטער נישט האָבן קיין נייע אויפרעגונגען צוליב די צווייערליי שליסלען. אָדער איז עמעץ פון די הויזמענטשן אהיימגעקומען און געטראָפן די טיר פאַרשלאָסן מיטן „עכטן" שליסל, אָדער די אַלטע איז פון ערגעץ צוריקגעקומען און געטראָפן די טיר פאַרשלאָסן מיטן יעל־שליסל

און געמוזט אַזוי לאַנג שטיין אין דרויסן ביז עמעץ פון דער פאַמיליע האָט זיך באַוויזן.

איינמאָל איז געשען אַזאַ זאַך: ס׳איז געווען אין דער פרי. דער איידעם און די טאָכטער זענען נאָר וואָס געהאַט אַוועק צו דער אַרבעט, די קינדער — אין שול אַריין. די אַלטע האָט צוגע־שטעלט קאָכן אַ יויך אויף דער גאַזקיך און זיך געלאָזט אַרויסגיין אויסשיטן דאָס בלעכל מיט מיסט. און דאָ האָט זיך, ווי פון זיך אַליין, הינטער איר פאַרקלאַפּט די טיר מיטן יעל־שלאָס. די אַלטע איז שטיין געבליבן אין דרויסן, אין העכסטער פאַרצווייפלונג. געלאָפן צו די שכנים פרעגן וואָס צו טאָן, געבעטן הילף. אָבער העלפן האָט מען איר נישט געקענט. סיידן רופן אַ שלאָסער און אויפרייסן די טיר. אָבער דערצו האָט זיך די אַלטע עפּעס נישט געקענט אַנטשליסן. איז זי אַרומגעלאָפן ווי אַ באַזעסענע, געבראָכן די הענט, און געבעטן גאָט אַז דער ברענענדיקער גאַז זאָל כאָטש נישט אָנאַרבעטן קיין שריפה אין שטוב. די יויך האָט זי שוין מפקיר געווען. צו מיטאָג זענען די קינדער געקומען פון דער שול און עס איז געווען אַ גליק וואָס דפנה האָט ביי זיך געהאַט דעם יעל־שליסל. מען איז גיך אַריין אין שטוב. און גאָט צו דאַנקען וואָס קיין שריפה איז נישט געווען. מען איז נאָר אָפּגעקומען דערמיט וואָס דער טאָפּ פון דער יויך איז געווען איין שטיק סאַדזשע און דאָס פלייש — פאַרקוילט.

אָבער אויך דער דאָזיקער פאַל האָט די אַלטע נישט אָנגעלערנט און זי האָט זיך ווייטער באַנוצט מיטן אַלטן שליסל.

— מען דאַרף דעם שליסל איין מאָל פאַר אַלע מאָל פון איר אַוועקנעמען! — האָט זיך דער איידעם געקאָכט — אַז זי וועט נישט האָבן קיין אַנדערע ברירה, ווע זי מוזן געברויכן דעם יעל־שליסל!

ס׳איז אָבער דערצו נישט געקומען. די אַלטע האָט זיך עטלעכע וואָכן נאָך דעם דאָזיקן פאַל אַוועקגעלייגט, און נאָך ווייטערדיקע

עטלעכע וואָכן האָט מען זי שוין באַגלייט צו איר אייביקער רו.
נאָך דער שבעה האָט די טאָכטער גענומען דער מאַמעס שליסל און אים באַהאַלטן אין דעם פּערלמוטער־שאַכטעלע, ווו זי האָט געהאַלטן אירע רעליקוויעס און פאַרשידענע אָנדענק־זאַכן, — אים באַהאַלטן ווי אַן אָנדענק אין דער מאַמען און איר וועלט, וואָס איז אויף אייביק אַוועק.

# אַן עולה וואָס אַנטלויפט פון שטאָט
# און זי לויפט אים נאָך

דער עולה ג. האָט פיינט געהאַט די שטאָט בתכלית השנאה. ער האָט נישט געקענט פאַרטראָגן די שטיקנדיקע לופט, דעם געפילדער פון די גאַסן, די שטאָקיקע מויערן, דאָס טרובען און קלינגען פון די אויטאָס און טראַמווייען; ער האָט פיינט געהאַט די שטאָטישע קאַפע־הייזער מיט די נאַכט־לאָקאַלן, די אויסגעפוצטע געשטייפטע הערן און די געפאַרבטע, אָנגעקראָכמאַליעטע דאַמען; פיינט גע־האַט די שרייענדיקע פּלאַקאַטן ביי טאָג און די גרילצנדיקע ליכט־רעקלאַמעס אין די נעכט. ער האָט נישט פאַרטראָגן די שטאָטישע וועלט מיט אירע קאָנווענציאָנעלע שקרים, מיט אירע זיטן און געזעצן, וואָס זענען אַ פאַרלייקענונג פון דער נאַטור, פון דעם נאַקעטן אמת.

זינט ער איז צום שכל געקומען געדענקט ער זיך אין אַ דאָר־פישער היים. אַ הויז מיט אַ שינדלדאַך. אַ פעלד. אַ שטאַל מיט אַ קו און אַ קעלבל. הינער. קאַטשקעס און גענדז, וואָס האָבן זיך אַ גאַנצן טאָג געפּלאָשקעט אין נאָענטן טייכל.

אויך נאָך דעם ווי ער האָט התונה געהאַט, האָט ער געוווינט ווייט פון דער גרויסער שטאָט. זיין הייזל איז געשטאַנען אָנהייב דאָרף. מען האָט עס פון וועג אויס נישט געקענט באַמערקן. עס איז געלעגן באַהאַלטן צווישן די הויכע געדיכט־צעצווייגטע ביימער פון זיין הויף. און פון דער אַנדערער זייט הייזל האָט זיך געצויגן אַ גרויסער אויבסגאָרטן. דאָס יידישע הייזל זיינס האָט זיך כמעט מיט גאָרנישט אונטערשידן פון די שכנישע פויערישע הייזלעך. אַזאַ שטילקייט האָט דאָ געהערשט, אַז מען האָט געהערט דאָס פּאָכען

פון די פליגל פון אַ פלי־ענדיקן פויגל, דאָס זשומען פון אַ בין אין אַ פעלדבלום.

דאָס הייזל פון ג. האָט זיך געפונען אויפן וועג וואָס פירט צו אַ וועלדל, וווהין די שטאָטלייט פלעגן אין די זומערדיקע זונטיקס מאַכן אויספלוגן. האָט זיין הייזל געדינט ווי אַ מין „פעלדקרעטשמע״, ווו באַקאַנטע אויספליגלער פלעגן אָפּטרעטן, אַראָפּוואַרפן די שווערע רוקזעק, זיך אָפּרוען פון וועג, לעשן דעם דאָרשט מיט אַ פריש גלאָז ברונעם־וואַסער אָדער מיט אַ קיל גלאָז זויער־מילך. גאָר נאָ־ענטע באַקאַנטע פלעגן די ג.׳ס אַריינפירן אין סאָד און זיי אָפּרייסן פון די ביימער עטלעכע ראָנעטקעס אָדער באַרן אָנגעגאָסענע מיט האָניק.

ווי נאָר ג. פלעגט אַהיימקומען פון שטאָט פון זיין אַרבעט, פלעגט ער פון זיך אָפּטרייסלען דעם שטאָטישן שטויב, אַראָפּוואַרפן פון זיך דעם שטאָטישן אָנצוג, אויסטאָן דעם שטייפן קראַגן און קראַוואַט און איינאָטעמען טיף די ריינע דאָרפישע לופט.

ער איז פון דער שטאָט אַנטלאָפן אַהיים, ווי עס אַנטלויפט אַ חיה אין איר היי־ אַריין, כדי זיך צו שיצן קעגן די פיילן פון דעם יעגער. דאָ, אין דאָרף, האָט ער זיך געפילט זיכער קעגן אַלע רדיפות און פאַרמאַלגונגען, קעגן די אַלע כוליגאַנישע איבערפאַלן אויף יידן — אויף די גאַסן, אין די באַנען, אויף די אוניווערזיטעטן. אין דאָרף האָט ער זיך אויך ווייניקער געשראָקן פאַר דער סכנה פון אַ מלחמה, וואָס האָט באַדראָט דאָס לעבן פון די שטאָטישע... דאָ, אין דאָרף, האָט ער געהאַט דאָס געפיל, האָט דאָס בייז נישט אַזאַ שליטה ווי אין שטאָט. אין אָט דער שטילקייט, ווו מענטש און פלאַנץ, חיה און אינזעקט זענען פאַרוועבט און באַהאַפטן מיט גאָט — קאָן קיין מלחמה נישט אויסברעכן. אַהער קאָן קיין באָמבע נישט דערגיין...

דאָס בייז האָט אָבער געהאַט אַ שליטה אויך אין זיין דאָר־

פישער היים. זי איז צעשטערט געוואָרן גלייך מיט אַלע שטאָטישע ייִדישע היימען.

ער איז מיט דער פרוי על פּי נס געבליבן לעבן. עולה געווען. און געווען איז ער איבערגליקלעך, ווען קומענדיק אין לאַנד אַריין האָט מען אים געשיקט — ווייט פון אַ גרויסער שטאָט...

דאָ, אין דעם נייעם שיכון, האָבן אַפילו געפעלט די אַלע אַטרי־בוטן פון דער אַלטער דאָרפישער לאַנדשאַפט. ס'האָבן געפעלט: די גרינע פעלדער, דער ברונעם פאַר דער שטוב, דאָס נאָענטע וועלדל, וואָס האָט אין די אָוונטן פאַרשמעקט מיט פאַרשיכורנדיקע פיכטן־ און סאָסנע־ריחות. און אויך די יללות פון די שאַקאַלן אין די נעכט האָבן ווייניק־וואָס דערמאָנט דאָס בילן פון די דאָרפישע הינט... דערפאַר אָבער איז דער שיכון געלעגן ווייט פון שטאָטישן געטומל. די הייזלעך זענען געווען קליינע, צעוואָרפענע, מיט גער־טנדלעך און יונגע ביימלעך. און שטיל איז געווען אויף דעם נייעם שאָסיי, אַז מען האָט זיך אויף אים געקאָנט אַוועקלייגן שלאָפן...

האָט זיך ג. געפילט אין דער נייער היים כמעט ווי אין דער אַלטער. נאָר נישט לאַנג האָט געדויערט די אידיליע. ס'איז געווען די צייט ווען עולים פון גאָר דער וועלט האָבן געשטראָמט אין לאַנד אַריין אין די טויזנטער און צענער־טויזנטער. די מועצה מקומית האָט גענומען וואַקסן ווי אויף הייוון. און אַז זי האָט דער־גרייכט די צאָל דרייסיק טויזנט, איז זי דערהויבן געוואָרן צום ראַנג פון אַ שטאָט, אַן עיריה. ס'זענען אַנטשטאַנען 4, 5 און אַפילו אַכט־שטאָקיקע הייזער... ס'זענען אויסגעוואַקסן גרויסע געשעפטן, קאַפע־הייזער, קינאָס. דער טומל ווערט מיט יעדן טאָג שטאַרקער, אומ־דערטרעגלעכער. ג. איז אַזוי לאַנג געלעגן אין די אויערן פון זיין ווייב, אַז „דער טומל וועט אים פאַרקירצן די יאָרן״, ביז מען האָט די וווינונג פאַרקויפט און געקויפט אַ וווינונג אין אַ שטילער געגנט, ווייט פון אַ שטאָט...

— דער זשום גייט מיר ערשט איצט אַרויס פון קאָפּ — האָט

ג. לייכטער אָפּגעאָטעמט. — איך הייב ערשט אָן קומען צו זיך — האָט ער צום ווייב געזאָגט.

אָבער אויך דאָס נייע דאָרף איז נישט לאַנג געשטאַנען אויף איין אָרט. די ליידיקע היגלען און די ווייטע זאַמדיקע שטחים זענען ווי איבער נאַכט פאַרשוואונדן און אויף זייער אָרט האָבן זיך דער־הויבן הויכע פיל־שטאָקיקע בלאָקהייזער. יאָ, אַפילו צוויי וואָלקנ־קראַצער. דער טומל איז געוואַקסן צוזאַמען מיט דעם שטראָם פון נייע עולים, די מועצה איז שוין לאַנג געוואָרן אַן עיריה...

ביים פופציק טויזנטסטן איינוווינער האָט די עיריה איינגע־אָרדנט אַ גרויסע פייערונג מיט רעדעס, מוזיק, פאָלקס־טענץ.

אין יענעם אָוונט איז ג. געזעסן אין שטוב און געמאַכט מיטן ווייב פּלענער ווי אַזוי וואָס גיכער צו אַנטלויפן פון דעם נייעם „אומגליק" — פון דער נייער שטאָט...

די ג.׳ס האַלטן שוין ביי דער פערטער וווינונג, היינט איז דער עליה־שטראָם נישט מער אַזאַ שטאַרקער ווי אין די פריערדיקע יאָרן. האָפט ג. אַז איצט וועט מען אים אפשר שוין אַ ביסל לאָזן צו רו. אַז זיין איצטיקע מועצה מקומית וועט נישט אַזוי גיך פאַר־וואַנדלט ווערן אין אַן עיריה...

יצחק פּאַנער

# די יידיש־שרייבער אין ישראל „אויפן העכסטן אָרט"

אויב ס'איז אין שייכות מיט יידיש־שרייבער אין ישראל די רעדע וועגן אַ „העכסטן אָרט", וועט מען שוין אַליין פאַרשטיין, אַז די באַצייכענונג קאָן נישט זיין קיין בילדלעכע, מעטאַפאָרישע, נאָר אַ ממשותדיקע. מיר לעבן טאַקע אין דעם לאַנד פון ניסים, אָבער אַזוינע ניסים, אַז יידישע שרייבער זאָלן אין דער יידישער מדינה פּלוצעם דערהויבן ווערן צו די העכסטע קולטור־פּאָסטנס, פאַר־נעמען די העכסטע און וויכטיקסטע אָפיציעלע קולטור־פּאָזיציעס, — אַזוינע ניסים געשעען דערווייל נאָך נישט.

פון דעסטוועגן ווערט אַ מאָל יאָ געהויבן די חשיבות פון די יידיש־שרייבערס. דאָס געשעט איין טאָג אין יאָר. אין דעם טאָג אָרדנט איין דער קרן קימת אַ ספּעציעלן אויספלוג פאַר זיי. איז דער טאָג אַן אמתער יום־טוב. נישט נאָר דערפאַר, ווייל מען וועט האָבן אַ געלעגנהייט צו זען נייע געגנטן, נייע לאַנדשאַפטן, נאָר אויך דערפאַר, וואָס מען וועט אַ גאַנצן טאָג זיין צוזאַמען, אין דער אייגענער משפחה!

נישטאָ נאָך אַזאַ צעך אין דער וועלט, וואָס זיינע מיטגלידער זאָלן זיך אַזוי פיינט האָבן, זיך אַזוי באַרעדן, באַשפּעטן, אַזוי צו־נישט מאַכן איינער דעם אַנדערן, — ווי יידישע שרייבער. און נישטאָ נאָך אַזאַ פאַראיין אין דער וועלט, אַז די מיטגלידער זיינע זאָלן אַזוי אויסגיין פון בענקשאַפט צו זען איינער דעם אַנדערן, צו פאַר־ברענגען צוזאַמען, ווי די מיטגלידער פון דעם יידיש־שרייבערישן צעך...

צוויי אויטאָבוסן, געפּאַקט מיט לויטער אייגענע! לויטער פּען־מענטשן! און זיי וועלן דעם גאַנצן טאָג זיין צוזאַמען, צוזאַמען

אויף „קאָסט און קוואַרטיר" על חשבון הגביר! קאָן מען זיך נאָך פאָרשטעלן אַ גרעסער גליק פאַר יידיש־שרייבער!...

און אַז די אויטאָבוסן הייבן אָן פאָרן, ווערט די שטימונג אַ לעבעדיקע, אַ געהויבענע. מען שיט מיט גלייכווערטלעך, מיט בליציקע באַמערקונגען און פאַרגלייכן, מיט טרעפלעכע מעטאַפאָרן. לאָמיר פון אָט דער שרייבערישער תורה שבעל־פה אַרויסנעמען בלויז צוויי מוסטערן. דער ערשטער: הינטער טבריה בלייבט דער אויטאָבוס שטיין און דער מדריך ווייזט אונדז דעם קבר פון ר' מאיר בעל הנס. זאָגט אַ שרייבער, אַז ס'איז פאַראַן אַ שייכות צווישן ר' מאיר בעל־הנס און דעם קרן־קימת: ביידע שטיצן זיך אויף דעם פושקע־סיסטעם... דער צווייטער: קוקנדיק אויפן ירדן, ווי ער פאַלט אַריין אין כנרת, באַמערקט איינער, אַז מיר יידן וואָלטן זיך געדאַרפט אַראָפּנעמען אַ ראיה פון דעם ירדן: ער גיסט זיך אַריין אין כנרת און אַסימילירט זיך נישט מיט זיינע וואַסערן, נאָר קומט פון אים אַרויס אַ גאַנצער, אַן אומבאַרירטער...

וויפל מיר זאָלן נישט פאָרן אָנקוקן אונדזער קליינטשיק לענדל, וואָס איז (ווי דאָס „חלוצל פון פוילן" האָט אַמאָל געזונגען) „פון אַ ניסל גרעסער", — איז אַלץ נישט גענוג. יעדעס מאָל אַנטדעקן מיר אַלץ נייע שיינקייטן.

דאָס יידישע ווערטל „גאָט גיט די קעלט לויט די קליידער" איז ווי צוגעמאָסטן צו אַ סך דערשיינונגען און באַדינגונגען פון אונדזער מדינהלע. נעמט למשל אַזעלכע זאַכן ווי פייזאַזש און קלימאַט. אין ערגעץ קאָן, דאַכט זיך, נישט געמאָלט זיין, אַז אויף אַ שטח אין דער גרייס פון אונדזער לענדעלע, זאָלן לאַנדשאַפט און קלימאַט כמעט נאָך יעדער האַלבער שעה רייזע זיך אַזוי בייטן ווי אין דעם מדינהלע, וועגן וועלכן יידן האָבן זיך ביי איר אַנטשטייונג געוויצלט: ווען מען וועט אין דער יידישער מדינה זיך שטעלן שמונה־עשרה, וועט מען מוזן „אויסגיין" אין חוץ־לארץ...

וואָלט אונדז דאָך געווען שווער צו לעבן אין אַזאַ ענגשאַפט.

מיר וואָלטן אין איין טאָג אויסגעפּאָרן אונדזער גאַנץ לענדל אין זיין גאַנצער לענג, און וואָלטן מער גאָרנישט געהאַט וואָס צו זען. די קליינקייט וואָלט אונדז באַלד דערעסן. האָט אונדז גאָט געגעבן „די קעלט לויט די קליידער" און אונדזער קליין מדינהלע באַשאָנקען מיט אַזאַ רייכן, פּילפּאַרביקן און פאַרשידנאַרטיקן פּייזאַזש, און מיט אַזאַ פאַרשידנאַרטיקן קלימאַט, אַז מיר קאָנען קיין מאָל נישט זאַט ווערן פון צו זען און באַוווּנדערן.

מיר האָבן גראָע זאַמדן און זאַפטיקע גרינע פעלדער, נאַקעטע פעלדזנבערג, און בערג באַדעקט מיט גרינע וועלדער, מיר האָבן פּאַלמען און צעדערן, און האָבן ווערבעס און טאָפּאָליעס, מיר האָבן מידבריות און האָבן ימען, ביי אונדז וואַקסן כלערליי פלאַנצן און פרוכטן פון די טראָפּישע לענדער און כלערליי פלאַנצן און פרוכטן פון אייראָפּעישע לענדער.

קאָנען מיר זיך פאַרגינען צו זיין ביי זיך אין דער היים פער־מאַנענטע „טוריסטן", צו זיין כסדר אויף „אויסלאַנדס־רייזן", און נישט ווערן זאַט פון געניסן און באַוווּנדערן די פאַרשידענע נאַטור־שיינקייטן פון דער „גרויסער וועלט" — ביי זיך אין דער היים.

אָט פאָרן מיר איבער די געדיכטע וועלדער פון די הרי־מנשה. די לופט איז אַ שאַרפע, אַ שמעקעדיקע. בלויז דער געזאַנג פון טויזנטער פייגל רייסט איבער די שטילקייט. מיט דריי צענדליק יאָר צוריק זענען נאָך די דאָזיקע בערג געווען נאַקעטע. און ווי נאָר זיי האָבן זיך באַדעקט מיט גרינע ביימער, האָבן זיך מיליאָנען פייגל פון כל המינים דאָ באַזעצט. און מיט עטלעכע יאָר שפּעטער, אַז די וועלדער זענען געוואָרן עלטערע, געדיכטערע, האָבן זיך אויך די וואַלד־חיות, וועלכע האָבן זיך דאָ פאַרצייטנס אויפגעהאַלטן, אומגעקערט אין זייערע אַלטע־נייע היימען...

און אָט איז אַ שפּאָגל נייע געגענט מיט אַן אַלטן יידישן נאָמען — כוזרים, צפונדיק פון כנרת, האַרט ביי דער סירישער גרענעץ. אַזוי נאָענט, אַז מען זעט פון יענער זייט ירדן די סירישע פּויערים

באַאַרבעטן זייערע פעלדער און פּאַשען זייער פי. אָט זע איך ווי אַ מיידל (אָדער אַ פרוי) באָדט זיך אין ירדן, אַ רויקע, אַ זיכערע, ווי זי וואָלט זיך געבאָדן אין אַ וואַנע ביי זיך אין דער וווינונג, און נישט פאַר די אויגן פון פיינטלעכן יאהוד. דאָ אין דעם ראַיאָן הערשט טיפער פרידן. אונדזער לאַגע איז דאָ אַ גינסטיקע: מיר געפינען זיך אויף אַ הייך, זיי — אין דער נידער. זיי ווילן נישט געשטערט ווערן ביים באַאַרבעטן זייערע פעלדער, ביים פּאַשען זייערע טשערעדעס. און מיר ווילן נישט געשטערט ווערן ביים דורכפירן אונדזערע באָדן־מעליאָראַציעס און אונדזערע בוי־אַרבעטן. עקזיסטירט צווישן ביידע צדדים אַ שטומער נישט־געשריבענער נישט־אָנגריף־פּאַקט: טשעפּע מיך נישט, וועל איך דיך נישט טשעפּען...

מיר ווערן איינגעשלאָסן אין די גלילער בערג. און אָט פּאַרקי־רעוועט מען זיך אויף דעם נייעם שאָסיי וואָס פירט אַרויף צום מירון, דעם „העכסטן אָרט" אין ישראל, — דער ציל פון אונדזער היינטיקן אויספלוג.

נישט אויף איין מאָל, נישט אין אַ „בליצקריג" איז מען גובר דעם ריז. נישט מיט כוח, נאָר מיט שכל, מיט סטראַטעגיע. ביסלעכ־ווייז, כמעט אומבאַמערקט, קרייזט מען אים אַרום, און נאָך יעדער אַרומקרייזונג דערגרייט מען צו אַן אַ׳לץ העכערן שטאַפּל. אַזוי ביס־לעכווייז, ביז — דער ריז ליגט אַ באַזיגטער אונטער אונדזערע פיס...

עס ווערט קאַלט. די מענער טוען אָן די רעקלעך, וואָס זיי האָבן פריִער אונטן אויסגעטאָן, די פרויען — די סוועטערס, הילן זיך אין וואָלענע טיכלעך.

אין די הייסע זומער־חדשים, ווען אונטן ווערט מען צעשמאָלצן פון היץ, בלאָזן, דאָ אויבן, קילע מחיהדיקע ווינטלעך. און ווינטער בלייבט דאָ דער אויסגעפּאַלענער שניי ליגן טעג לאַנג. בלויז עפּעס איבער צוועלף הונדערט מעטער איז אונדזער העכסטער באַרג, אָבער אין פאַרהעלטעניש צו אונדזער קליין לענדל, איז דאָס אונדזער מאָנט בלאַן.

דער נעפּל ווערט אַלץ געדיכטער. די טעמפּעראַטור אַלץ קעלטער. מיר פאַרנעמען אונדזערע פּלעצער אין די אויטאָבוסן, און די יידישע שרייבער קערן זיך אום פון דעם „העכסטן אָרט" אין זייערע נידעריקע היימען.

# לענגאויס דער גרענעץ
# פון אַ פריינדלעכן שונא

מיט אַלע שכנים זענען מיר צעקריגט אויף טויט און לעבן. ווען עס זאָל זיי אָנגיין דאָס, וואָס זיי ווינטשן אונדז, וואָלטן מיר שוין לאַנג קיין שונאים נישט געהאַט...

יאָ, אונדזערע שכנים זענען אונדז דם־שונאים. האָבן אונדז פיינט בתכלית השנאה. אַחוץ איינער. דאָס הייסט מיט דעם איינעם זענען מיר אויך ברוגז, אָבער דאָס איז שוין אַ רוגז פון אַן אַנדערן מין. דער רוגז פון אָט דעם שכן איז אַ קינסטלעכער, אַ רוגז צוליב שלום־בית... ער דערמאָנט אָן טוביהס דאָרפס־הראַמאַדע, די פויערים וואָס קומען אים מודיע זיין, אַז זיי מוזן אים אויסהאַקן עטלעכע שויבן, כדי יוצא צו זיין פאַר די אַנדערע דערפער, אַז זיי האָבן אויך גע־מאַכט אַ פּאָגראָם אויף יידן... דער רוגז פון אָט דעם שכן, דערמאָנט אויך די חבר־ברוגזלעך פון די אַמאָליקע יידישע חדר־יינגלעך און מיידלעך, וואָס ביים ברוגז ווערן האָבן זיי נאָר פאַרביטן דעם „דו" אויף אַ „זאָל ער" (אָדער „זאָל זי") :

„זאָל ער מיר זאָגן, צי ער וויל גיין פיש כאַפּן", אָדער:

„זאָל זי מיר העלפן מאַכן די לעקציע".

זאָל ער... מיט אָט דעם ברוגז־לשון שמועסן מיר זיך אָפּט איבער מיט אונדזער ברוגזן שכן ביים רעגולירן פראַגן וואָס זענען נוגעביידע מדינות, דורך דער פאַרמיטלונג פון דער אונ"אָ־קאָמיסיע, פאַרשטייט זיך.

ברעכט אַמאָל אויס אַ שריפה אויף דער גרענעץ, וואָס איז הויל שמעקעדיקע גרינקייט, הויל נאַטורוואַלד און נאַטור־געוויקסן, לויפן שריפה־לעשער פון ביידע זייטן צו לעשן די שריפה וואָס קאָן גורם זיין גרויסע שאָדנס פאַר ביידע צדדים. דיביימער און געוויקסן זענען

דאָ צונויפגעוואַקסן און צונויפגעפלאָכטן ווי ס׳אָמער צווילינגען, נישט פונאַנדערצוטיילן. דיביימער פון אונדזער שטח האָבן זייערע וואָרצלען אינעם שונאס ערד. און די צווייגן פון שכנס ביימער הענ־גען אַריבער אויף אונדזער טעריטאָריע. דעמאָלט ווערט קלאָר, אַז עס איז נישטאָ קיין „מיין ערד" און „דיין ערד". און אויך די פייגל און די יאַשטשערקעס און די העזעלעך און די וועווריקלעך קאָנען נישט קיין גרענעצן. די שילדלעך מיט דער אויפשריפט „עצור, לפניך גבול" קאָנען זיי נישט איבערלייענען. פליִען זיי און קריכן און לויפן פראַנק און פריי פון דאַנען אַהין און פון דאָרטן אַהער.

און אויך די מענטשן אין דעם אויטאָבוס וואָס פאָרט לענג־אויס דער גרענעץ, האָבן דאָס געפיל, אַז די שילדלעך און די גרענעץ־סלופּעס זענען דאָ אין גאַנצן איבעריק. און דאָס דאָזיקע געפיל איז דאָס מאָל נישט קיין בלינדס, אַ סימן: פאָרן דאָך טאַקע מיט אונדז נישט מיט קיין באַוואָפנטע זעלנער, ווי דאָס איז געווען דער פאַל ביי אונדזערע שפּאַצירן לענג־אויס דער ירדנישער אָדער סירישער גרענעץ.

ניין, דאָ זענען נישט נייטיק קיין באַוואָפנטע זעלנער. אַזאַ גרינע שלווה, אַזאַ פאַרחלומטער פרידן הערשט אין אָט דער אורלאַנדשאַפט. מיר פאָרן נישט האַרט, נאָר ממש אויף דער גרענעץ. אַזוי, אַז מ׳קאָן אַרויסשטרעקן אַ האַנט פונעם אָפענעם אויטאָ־פענצטער און אָפּרייסן אַ צווייג פון אַ בוים וואָס געהערט שוין צו אַ פרעמדער מדינה. און דער טיפער פרידן ליגט דאָ נישט נאָר איבער דער לאַנדשאַפט, פריד־לעך זענען אויך אונדזערע ברוגזע שכנים. אָט ווינקט אונדז איינער צו. מיר ענטפערן די שטומע באַגריסונג. איך רוף מיט דער האַנט אַ שלאַנקע פאַסטושקע זי זאָל מיטקומען מיט אונדז. זי לאַכט און צענעמט ביידע הענט, וואָס דאַרף הייסן: וואָס לאָזט זיך טאָן, אַז מ׳הייסט אונדז זיין ברוגז...

פון אַזאַ זאַך ווי „קיינעמס לאַנד" ווייסט דאַכט זיך יעדער, נאָר אַז עס קאָן אויך געמאָלט זיין אַ „קיינעמס הויז" — דאָס האָבן מיר

זיך ערשט דערוווּסט אויף דעם שפּאַציר לענג־אויס דער ישׂראל־לבנונישער גרענעץ. שטייט אַ הויז אויף דער גרענעץ. דאָס הויז שטייט ליידיק. און נישט דערפֿאַר, ווייל קיינער וווינט נישט אין דעם הויז הייסט עס „קיינעמס הויז", נאָר דערפֿאַר, ווייל עס איז קיינעמס הויז, וווינט אין אים קיינער נישט. וואָרום ווען מען וואָלט אין אים יאָ געוווינט, וואָלט דער איינוווינער געדאַרפֿט אָדער האָבן אַ טאָפּלטע בירגערשאַפֿט, אָדער ער וואָלט געדאַרפֿט זיין שטאַטלאָז, ווייל דאָס הויז שטייט אויף די טעריטאָריעס פֿון ביידע מדינות: דאָס עס־און־שלאָף־צימער געפֿינט זיך אין ישׂראל, בעת די קיך און אַלע באַקוועמלעכקייטן — אין לבנון... שטייט דאָס ליידיקע הויז און וואַרט אויף דער צייט ווען די צוויי ברוגזע שכנים וועלן נישט מוזן רעדן אויף דעם „זאָל ער"־לשון, נאָר וועלן זיך מעגן זאָגן „דו"...

1964.

# שעפסל אייזפירער קאַפּיטולירט

אַז שעפסל איז נאָכן שרעקלעכן מבול געקומען קיין ישראל, האָט ער פאַר דעם ערשטן הלוואה־געלט, וואָס ער האָט באַקומען פון דער סוכנות, זיך געקויפט אַ פערד און וואָגן. „יעדער אין זיין פאַך" — האָט ער געזאָגט. „קיין ספרים וועל איך דאָך דאָ נישט שרייבן". עס האָט נישט לאַנג געדויערט איז שוין שעפסל געווען אַ מיטגליד אין דעם קאָאָפּעראַטיוו פון די אייזפירער און געוואָרן דער אייז־צושטעלער אין זיין מעברה.

אַז ער טראַכט היינט פון יענע גליקלעכע יאָרן, צעגיסט זיך אַ שמייכל אויף זיינע ליפּן. אָך, זעבען דאָס געווען צייטן! די מעברה איז געוואַקסן. נייע צריפים און נייע עולים זענען יעדעס מאָל צו־געקומען. און אָן אייז קאָן מען זיך דאָך דאָ נישט באַגיין ווי אָן ברויט, ווער שמועסט נאָך אין די גליענדיקע זומער־היצן. און דער זומער געדויערט דאָך דאָ כמעט אַכט חדשים. האָט שעפסל נישט געקאָנט באַסטאַיען דאָס דאָזיקע אַרטיקל. צו צוויי און אָפט צו דריי מאָל אין טאָג פלעגט ער אָנלאָדן אַ וואָגן אייז און איידער מ'האָט זיך אַרומגעקוקט, איז דער קאַסטן געווען ליידיק. ווי אַ קעניג אויף זיין טראָן איז שעפסל געזעסן אויף זיין הויכער קעלניע און אַז עס האָט פאַרקלונגען זיין ערשטער גלאָקנקלאַנג, זיין ערשטער „קרח"־רוף, פלעגן פרויען און מענער קומען צו לויפן פון אַלע אַזבעסט־צריפּימלעך מיט די אייזערנע טראָגצוואַנגען אין די הענט און זיך שטעלן אין תור. און שעפסל פלעגט עפענען זיין אייזקאַסטן און נעמען שפּאַלטן בלאָקן — אויף העלפטן, דריטלעך און פערטלעך. און געלט האָט געשטראָמט אין דעם גרויסן לעדערנעם בייטל וואָס האָט געהאָנגען אויף אַ רימענדל קווער איבער דער ברוסט.

ווו זענען יענע זיבן גוטע יאָר זיינע? — טראַכט שעפסל מיט

ווייטיק. נישט אַנדערש ווי מ׳האָט אים אַ „גוט אויג״ געגעבן, מ׳האָט אים „אויפגעפרעסן״ פאַר קנאה..

ביסלעכווייז האָט זיך דאָס אָנגעהויבן. דעם ערשטן פרידזשידער האָט אַן עולה פון רומעניע באַקומען פון זיינע אַמעריקאַנער קרובים. די גאַנצע מעברה איז געקומען קוקן אויף דעם ווונדער. ס׳האָט נישט לאַנג געדויערט האָט אַ צווייטע משפחה באַקומען פון אַמעריקע אַ פרידזשידער במתנה. דעם דריטן פרידזשידער האָט אַ מעברה־משפחה זיך שוין אַליין געקויפט. און נאָך אים נאָך איין משפחה. איינער האָט געקוקט אויפן צווייטן. האָט אַ משפחה פון אַ צריף זיך פאַרשריבן אויף אַ פרידזשידער, האָט די פרוי פון דער צווייטער העלפט צריף איינגעלייגט וועלטן, דערגאַנגען דעם מאַן די יאָרן ביז ער האָט זיך אויך פאַרשריבן...

פרידזשידערס!... שעפסל האָט דאָס באַטראַכט ווי אַן אויסגעבראָכענע מגיפה ר״ל וואָס ס׳איז דערצו קיין רפואה נישטאָ...

היינט איז פון יענער מעברה קיין שפור נישט געבליבן. אויף דעם פּלאַץ פון די אַזבעסט־צריפים שטייען היינט 6־7 שטאָקיקע שיכון־הייזער, מיט אַספאַלטירטע ברייטע שאָסייען. בלויז אַ טייל פון יענע מעברה־איינוווינער זענען אַריין אין די שיכון־הייזער, דער אַנדערער טייל איז אַוועק אין פאַרשידענע געגנטן, אין צפון פון תל־אביב, קיין רמת־אביב, רמת־גן. בלויז דער אייזפירער — שעפסל — איז געבליבן אויפן פּלאַץ. נאָר היינט לויפט מען שוין נישט אַזוי פון די שטובער ביי זיין ערשטן גלאָקנקלאַנג ווי אַמאָל, מ׳שטעלט זיך נישט מער אין ריי. היינט איז זייער לייכט און באַקוועם צו נעמען אייז. נישטאָ מער קיין תור... און דאָס קאָסט שעפסלען אַ סך געזונט. ס׳גייט אים אין פרעסטיזש, אין האָנאָר... ער פילט ווי מיט די פרידזשידערס וואָלט מען אים פערזענלעך באַליידיקט, מבטל געמאַכט אים און זיין סחורה.

ניין, נישט אין געלט גייט אים. מילא, וועט ער ווייניקער פראַצענטן האָבן. וואָס דאַרפן שוין צוויי עלטערע מענטשן האָבן צו לעבן.

ס׳גייט אים... ער קאָן נישט פאַרטראָגן מ׳זאָל זיין סחורה צו נישט מאַכן... פון אים חוזק מאַכן...

— פרידזשידער־שמידזשידער — חוזקט שעפסל — די גאַנצע זאַך איז שווינדל... קונצנמאַכעריי... ס׳איז נאָר אַן איינרעדעניש, אַז אַ פרידזשידער גיט קעלט... טוט נאָר פּאַר אַ טשיקאַוועסט אַ טאַפּ דאָס הינטערשטע אייזן־געשטעל פון אַ פרידזשידער וועט איר פילן אַז ס׳איז הייס... היינט ווי קאָן פון היץ ווערן קעלט? אַ בלאָק אייז — איז אַ בלאָק אייז. טאַפּט אים אַהין, טאַפּט אים אַהער איז ער פון אַלע זייטן קאַלט...

שעפסל רעדט, קאָכט זיך, און די פרויען לאַכן. און זעענדיק ווי זיי לאַכן גיט ער אַ מאַך מיט דער האַנט ווי ער וואָלט געזאָגט: נישטאָ מיט וועמען צו רעדן! און פאָרט ווייטער. אָבער אויך אין דער צווייטער גאַס האָט ער נישט קיין נחת. יעדעס מאָל פאַלט אָפּ אַן אַנדער קונה. אַמאָל אַז אַ יידישע משפחה (מיט דער באַצייכענונג „יידישע משפחה״ מיינט שעפסל אַזאַ וואָס רעדט יידיש) — וואָס האָט געהאַט אַ פריזשידער, האָט זיך אַרויסגעצויגן פון זיין שיכון־דירה, האָט שעפסל נאָר דערפון פּראָפּעטירט: ס׳פלעגט געוויינלעך קומען אויף זיין אָרט אַ פרענק. און „שוואַרצע״ פלעגן תמיד קומען אָן פרידזשידערס. היינט איז אויך דער סימן אונטערגעגאַנגען... אויך „שוואַרצע״ קומען היינט מיט פאַרטיקע פרידזשידערס.

— קרח! קרח! — שרייט שעפסל מיט אַלע כוחות, און ער וואַרפט דערביי אַ בליק אויף דעם טויער פון הויז נומער 18, פון וואַנען עס פלעגט תמיד די ערשטע אַרויסלויפן ביי זיין ערשטן רוף די גברת ווייַנבערג. נאָר שוין עטלעכע טעג ווי מ׳זעט זי נישט. ער האָט נאָך מיט עטלעכע וואָכן צוריק אויפגעכאַפּט אַ שמועס פון די פרויען, אַז די גברת וויינבערג האָט זיך פאַרשריבן אויף אַן „אַמקור״. נאָר ער האָט אַלץ געהאַפט, אַז ס׳איז נישט אמת. ער האָט דאָס נישט געוואָלט גלייבן. אַזאַ שטילע, אַזאַ לייטישע, באַלע־

באַטישע פרוי... אויף איר האָט ער זיך נישט גערעכט. אויך זי...
זי אויך שוין!...

שעפּסל פּאָרט ווייטער און זיין גלאָק קלינגט איצט ווי אַ פּראָטעסט, אַ פּראָטעסט פון אַ געקריוודעטן, פון איינעם וואָס האָט תרעומות צום רבונו של עולם און צו דער וועלט מיט אירע נאַרישע און ווילדע מאָדעס און דערפינדונגען וואָס רייסן אַרויס דעם ביסן פון מויל פון אָרעמע, ער'לעכע מענטשן, מאַכן חוזק אַפילו פון אַ יידן וואָס האָט שוין לאַנג אַריבערגעשפּאַנט די זיבעציק... נאָך אַביסל — טראַכט שעפּסל — און ער וועט שוין נישט האָבן פאַר וועמען צו פירן קיין אייז אין זיין ראַיאָן. וואָס וועט ער דאַן טאָן? בעטן ביי דעם קאָאָפּעראַטיוו אַ צווייטן ראַיאָן? אָבער יעדער ראַיאָן האָט דאָך זיין אייזפירער. און חוץ דעם — פון וואַנען איז ער זיכער צי ערגעץ אַנדערש איז בעסער? די פרידזשידער־מאָדע האָט זיך דאָך פאַרשפּרייט ווי אַ מגיפה איבערן גאַנצן לאַנד!

וואָס מער די צאָל אייזנעמערס אין שעפּסלס שיכון האָט זיך פאַרקלענערט, איז שעפּסלס ווייטיק און פאַרדרוס אַלץ גרעסער געוואָרן. שעהען לאַנג פלעגט ער אין די של'אָפלאָזע נעכט, אויף זיין געלעגער, זיך ברעכן דעם קאָפּ מיט וואָס ער וואָלט זיך געקאָנט אָפּרעכענען, זיך נוקם זיין אָן זיינע קונים וואָס האָבן אים אַזוי מיאוס פאַרראַטן... ווי אַזוי זיי ווייזן, אַז ער מאַכט זיך גאָרנישט פון דעם וואָס זיי האָבן אים אָפּגעטאָן.

לאַנג האָט שעפּסל געטראַכט ביז ער האָט זיך דערטראַכט. ס'האָט נישט לאַנג געדויערט, איז ער אין אַ שיינעם טאָג פאַרפאָרן אין זיין ראַיאָן מיט אַ נייער סחורה. אַ סחורה מיט וועלכער ער איז שוין זיכער געווען אַז מ'וועט זי אים נישט „נאָכמאַכן", ווען „זיי" זאָלן אַפילו זיין מיט צען קעפּ: שעפּסל איז אין זיין ראַיאָן פאַר־פאָרן מיט — ירקות. און נאָך אין דעם זעלבן טאָג איז ער אַריינ־געפאָרן קיין תל־אביב און זיך פאַרשריבן אויף אַ... פרידזשידער.

1960

# נאָר אַ ייד קאָן פילן דעם טעם

אַ טיפּיש סלאַוויש פּנים: בלאָנדע פלאַקסענע האָר, גרוי־בלאָע אויגן, אַ פאַרריסן נעזל, און ליפּן — ליפּן וואָס זענען ווי געשאַפן געוואָרן אַרויסצוברענגען דאָס וואָרט „זשיד".

ווען נישט אָט די אַלע בולטע גוייִשע שטריכן, וואָלט זי גאַנץ גוט געקאָנט אָנגיין פאַר אַ יידישער פרוי.

ערב שבת רעשט זי זיך גלייך מיט די אַנדערע פרויען. קויפט איין אויף צוויי טעג, קאָכט, וואַשט, רוימט. אַ גאַנצע וואָך וואַרט זי שוין און פרייט זיך אויפן שבת, (זי זאָגט „שאַבאַט", מיטן טראָפּ אויפן לעצטן טראָף) — ווען זי מוז נישט אויפשטיין פריער פאַר אַלע, כדי אָפּצופאַרטיקן דעם מאַן צו דער אַרבעט, די קינדער אין די שולן; „שאַבאַט" דאַרף זי נישט רוימען, נישט קאָכן, נאָכמיטאָג גייט מען שפּאַצירן אָדער מען מאַכט וויזיטן צו קרובים (זיינע פאַרשטייט זיך), און אין אָוונט גייט מען אין קולנוע.

שמחת־תורה קויפט זי פאַר חיימקען, דעם ייִנגסטן, אַ פענדל, כדי דאָס קינד זאָל נישט אָפּשטיין פון די אַנדערע קינדער. חנוכה מאַכט זי לאַטקעס און „סופגניות" גלייך מיט די אַנדערע שכנישע פרויען, און פּורים גיט זי זיך די גרעסטע מי אַז דאָס קינד זאָל זיך ווייזן אין גאַס מיט אַ שיינער און אָריגינעלער מאַסקע. פּסח קומט אין איר שטוב נישט אַריין קיין ברעקל חמץ. און אַז חיימל שפּאַרט זיך אַמאָל איין און וויל דווקא עסן אַ בייגעלע, שרייט זי אויף אים אָן: — „אסור בפּסח לאכול בייגעלע!"

אין די געשעפטן ווו זי קויפט איין רעדט זי העברעיש, (מיט די זעלבע גרייזן וואָס די יידישע פרויען...) אַפילו מיט אַזעלכע, וועלכע רעדן בעסער פּויליש אָדער רוסיש ווי עברית. די יידישע

פּרויען קוקן זיך דעמאָלט איבער מיט די אויגן, ווי זיי וואָלטן זאָגן: זי וויל זיין פּויפּסטלעכער פונעם פּויפּס.

זי וויל אָבער נישט זיין „פּויפּסטלעכער", זי וויל נאָר נישט צוריקשטיין פון די אַנדערע, פון די יידישע פרויען, זי וויל זיין גלייך מיט אַלע, אַז מ'זאָל זי נישט דערקענען, נישט אונטערשיידן פון די אַנדערע, אַז מ'זאָל זיך נישט איבערווינקען, נישט שמייכלען הינטער אירע פּלייצעס...

זי וווינט אַקעגן מיין דירה. אויפן ערשטן שטאָק. אַנומלט לאָז איך זיך אַראָפּגיין איבער די טרעפּ. אין דעם מאָמענט דערהערט זיך פון הויף דאָס געוויין פון דעם פינף יאָריקן חיימל.

די מוטער לויפט שנעל די טרעפּ אַראָפּ. די קינדער אין הויף, דערזעענדיק חיימלס מוטער, צעלויפן זיי זיך.

— מה קרה, חיימל? — איז די מוטער אויסער זיך.

— גילי... — הערט דאָס קינד נישט אויף צו וויינען.

— גילי הרביץ?

— לא... — כליפּעט דאָס קינד — הוא... אמר לי... „גוי".

איך האָב געוואָרפן אַ בליק אויף דער מוטער. איר פּנים איז געוואָרן בלייך, אירע ליפּן — פאַרקרימט. כ'בין גיך אַוועק. נישט געקענט צוקוקן דעם צער פון דער מוטער. וואָרעם ווער נאָך ווי אַ ייד קאָן אַזוי פילן דעם טעם פון אַ גויע, וואָס וויל אין אַ יידישער מדינה ווערן „ככל־היידן" און מ'לאָזט זי נישט, און מ'טוט זי רק דערמאָנען איר אָפּשטאַם...

יצחק פאַנער

# צוויי דורות טאַנצן

אין די לעצטע זומער־וואָכן איז אין נוה־שאנן אויפן כרמל גאָר לעבעדיק געווען. דער ס־ער רבי, ר. ד. האָט זיין „חופש" פאַרבראַכט אין אַ נוה־שאַננער בית־הבראה. גאַנצע פיר וואָכן. און איצט פאָרט ער צוריק אַהיים.

ביי מיין באַזוך אין נוה־שאנן האָב איך דאָס נישט געוווּסט. ערשט זיצנדיק אין פאַרק קנאַפּ פאַר מיין אַוועקפאָרן, האָב איך פּלוצלונג דערהערט אַ הילכיק געזאַנג, באַגלייט פון אַ פּלעסקען פון הענט. דאָס געזאַנג האָט פאַרכאַפּט, מיטגעריסן. מענטשן זענען אַרויס פון די שטיבער, אַרויסגעקוקט פון די באַלקאָנען. קינדער זענען זיך צונויפגעלאָפן. איך גיב אַ קוק: יידן מיט זיידענע זשוּ־פּעצעס, פאַרגאַרטלט, און בחורים מיט לאַנגע פאות און שוואַרצע קאַפּעלושן — פאַרפלאָכטן אין אַ פלאַקערנדיקן טאַנץ.

פאַר די קינדער איז דאָס נישט געווען קיין נייעס. אויך זיי טאַנצן אין די גאַסן ביי יעדער פייערלעכער געלעגנהייט. איז זיי דער טאַנץ נאָענט. ס׳איז כמעט די זעלבע האָראַ... און אויך דער ברען, די התלהבות איז די זעלבע. בלויז די ווערטער, דער „טעקסט" איז זיי פרעמד. עפּעס יאָ עברית און נישט עברית. אַ מין קאָמיש לשון, נישט צו פאַרשטיין.

— איזו עברית! — לאַכט אַ סאַברעלע.

— זו לא עברית — דערקלערט אַ צווייט קינד — זה יידיש...

— זה לא יידיש — מישט זיך אַריין אַ דריט יינגעלע — זו חזנות...

און דאָס געזאַנג ווערט לעבעדיקער, דער טאַנץ פלאַקערדיקער.

די קינדער, וואָס קאָנען זיך מיטן קאָמישן לשון נישט קיין עצה געבן, ווערן אָבער מיטגעריסן מיט דעם טאַנץ. זיי לאָזן אָפּ די וויכוחים, נעמען זיך אָן פאַר די הענטלעך און ס׳גייט אַוועק אַ שווינדלדיקער קינדערטאַנץ.

צוויי דורות טאַנצן דעם זעלבן טאַנץ...

# „שטילער, שטילער, לאָמיר שווייגן"...

„יד־ושם" אין ירושלים.ביים אַריינגאַנג זיצט אַ ייד, און יעדער מאַנצביל וואָס קומט אין הוילן קאָפּ, באַקומט אַ קאַפּל. אָבער פאַר וואָס הייסט אויך נישט דער ייד אויסטאָן די שיך איידער מען באַטרעט דאָס דאָזיקע אָרט? מ׳וואָלט אויך געדאַרפט יעדן מיטגעבן אַ קליין פּוסבענקעלע, אַז יעדער זאָל דאָ קענען זיך זעצן שבעה. שבעה נאָך דעם דריטל פונעם אויסגעהרגעטן יידישן פאָלק, נאָך יענע מיליאָנען, וואָס האָבן נישט געהאַט די זכיה צו קומען צו קבר ישראל, אַז זייערע נעמען אויף מצבה־שטיינער זאָלן אָנווייזן פאַר קומענדיקע דורות אַז דאָ שלאָפן דעם אייביקן שלאָף זעקס מיליאָנען יידן — קרבנות פון די דייטשע בעסטיעס. שבעה זיצן וואָלט מען דאָ געדאַרפט נאָך יענע מיליאָנען יידן פון וועלכע עס איז אַפילו נישט צוריקגעבליבן דאָס אַש פון זייערע פאַרברענטע גופים. נאָר בלויז ציפערן, סטאַטיסטישע ציפערן, בלויז זכרונות פאַר נאָענטע און ווייטע קרובים פון דער שארית־הפליטה, ווענענס צאָל ס׳איז אַזוי מוראדיק קליין, ווי מוראדיק גרויס ס׳איז די צאָל פון די, וואָס זענען אַוועק מיטן רויך.

דער ערשטער רוים איז ליידיק און טונקל. די ווענט זענען פאַרהילט אין שוואַרצן. זיי ווערן מאַט באַלויכטן פון אַ קליין פייערל וואָס רייסט זיך ווי פון דער ערד אַרויס. אַ נר־תמיד אַזאַ. אַ יאָרצייט ליכט, וואָס רעכנט זיך נישט מיט דער צייט. אַ יאָרצייט, וואָס פאַלט אויס יעדן טאָג, היינט און מאָרגן און איבערמאָרגן.

דאָס פייערל רייסט זיך, וואַרפט זיך, צאַפּלט. קאָן זיך נישט באַרויקן, ווי דאָס בלוט פון דעם דערמאָרדעטן נביא, וואָס האָט, לויט דער לעגענדע, זיך לאַנג נישט געקענט איינשטילן, נישט אויפגעהערט קאָכן און זידן, שרייען צו גאָט...

שטילער, שטילער...

לאָמיר דאָ פאַרגעסן דעם ליכטיקן, לעבעדיקן, צאַפּלענדיקן דרויסן. דאָ האָבן געדאַנקען און אידעען נישט קיין האָפּט. אַלע געדאַנקען און אידעען וועגן שעפערישן מענטשלעכן געניוס, וועגן הומאַניזם, ציוויליזאַציע, קולטור, עטיק, אָנגעזאַמלט פון אַלע פעלקער אין אַלע צייטן, ווערן דאָ בטל, ווערן פאַרוואַנדלט אין ווערטלאָזע, נישטיקע שטיקלעך פאַפּיר מיט אָפּגעמעקטע אותיות. בלויז די דייטשע אור־חיה מיט אירע שאַרפע בלוטדאָרשטיקע ציינער רעדט דאָ אַ קלאָרע שפּראַך. געטע און שילער, באַך און שאָפּענהאַוער, בעטהאָווען און קאַנט — דאָס זענען אַלץ בלענדענישן, אָפּנאַרערייען. אמתדיק זענען בלויז די אַלע בילדער אויף די ווענט. אמתדיק זענען די מונדורירטע צווייפיסיקע בעסטיעס, וואָס פירן פינף און זיבן־יאָריקע קינדער מיט אויפגעהויבענע הענטלעך צום טויט. אמת־דיק איז דער פון די זעלבע מונדורירטע בעסטיעס פאָטאָגראַפירטער באַרג יידישע הרוגים — אַ מתנה פאַרן „פירער". אמתדיק איז דאָס בילד וואָס ווייזט ווי דייטשע ס.ס.־מענער צווינגען הונדערטער יידן צו גראָבן זייער מאַסן־קבר. אמתדיק זענען אוישוויץ, טרעבלינקע, מאַידאַנעק...

פּלוצלונג געשעט עפּעס. אַ גרופּע רייכסדייטשן קומען אַריין. טוריסטן. דאָס זענען די אַנדערע, די גוטע, די גוטמאַכער־דייטשן.

זיי האָבן שוין באַזוכט די וויכטיקסטע ערטער אין לאַנד. דעם גליל, דעם נגב, זיי האָבן באַזוכט אַ ריי קיבוצים און זענען געווען באַגייסטערט פון דעם מוסטערהאַפטן קאָלעקטיוו־לעבן, פון די מוסטערהאַפטע בליִענדיקע ווירטשאַפטן. זיי זענען טאַקע אָנגעטאָן אין פאַרביקע טעמבלען־מתנות פון אַ נגב־קיבוץ. אין ירושלים האָבן זיי שוין באַזוכט דאָס הדסה־שפּיטאָל, דעם אוניווערסיטעט, דעם מוזיי, און אַ גאַנצע ריי אַנדערע אינסטיטוציעס. און איצט ווילן זיי נאָך זען דעם „יד־ושם".

נאָר וואָס איז דאָס?

ווי נאָר זייער דייטשיש לשון פאַרקלינגט אין אָט דער טויטן־שטילקייט, ענדערט זיך אַלץ. די קינדער, וואָס ווערן פון ס״ס. מענער געפירט צום טויט, הייבן העכער אויף די אויסגעשטרעקטע הענטלעך. די בלייכע יונגע מאַמע, וואָס איז אַנטדעקט געוואָרן אין דער אונטערערדישער באַהעלטעניש, און ווערט איצט געפירט פון די אַנטדעקער — דריקט פעסטער דאָס קינד צו איר ברוסט. דער שמייכל, וואָס שוועבט אויף די ליפּן פון אַננאַ פראַנק, דער שמייכל פון איר ערשטן אויפגעבליטן מיידל־חלום, אין דער געשטאַלט פון פעטערן, — דער דאָזיקער שמייכל ווערט איצט פאַרגליווערט. אַ טויטבלייכקייט באַדעקט איר פּנים. און הערנדיק דאָס לשון פון די רייכסדייטשע געסט, ווערט דער בליק פון מרדכי אַנילעוויטש פינצטערער, שאַרפער. זיין האַנט שטרעקט זיך אויס, כדי צו דער־לאַנגען צו דער ביקס וואָס הענגט נישט ווייט פון אים.

יצחק פאַנער

# דריי זענען געזעסן

„צווישן מנחה און מעריב" קאָן אויף בית־הבראה־לשון הייסן די צייט צווישן דעם נאָכמיטאָג־שלאָף און דעם לעצטן קלונג, וואָס רופט די קור־געסט צום לעצטן מאָלצייט — צום נאַכטמאָל. די זון איז אין דער צייט נאָך געגוג הויך, באַקט נאָך גאַנץ נישקשהדיק. אָבער אין שאָטן פון דיביימער הייבט שוין אָן ווערן אָנגענעמער, קילער. פון צייט צו צייט קומט צופליען פון די הרי־יהודה אַ מחיה־דיק אָפּפרישנדיק ווינטל און גלעט די שטערנס, שויבערט די האָר פון די קורגעסט.

דאָס וועלדל וואָס ציט זיך פון גרויסן עסזאַל און די וווינצימערן, ווערט וואָס ווייטער אַלץ געדיכטער, טונקעלער. עס פעלט דאָ בלויז דער רוישנדיקער באַרג־קוואַל אין דער נאָענט און דאָס גלעקל־געקלאַנג פון דער טשערעדע, וואָס דער פאַסטעך טרייבט אַהיים, — אַז עס זאָל זיך דיר דאַכטן, דו ביסט ווידער אין דעם סאָסנע־וועלדל פון דיין אַמאָליקער היים אין די קאַרפּאַטן.

דריי קורגעסט זענען געזעסן אויף זייערע ליגשטולן אין שאָטן פון ביימער, און געשמועסט. דריי עולים, יעדער געקומען פון אַן אַנדער לאַנד, מיט אַן אַנדער איבערלעבונג, אַן אַנדערע געשיכטע.

דער ייד, וואָס איז געבוירן, אויסגעוואַקסן און געלעבט אין פוילן, האָט וועגן פוילן כמעט גאָרנישט צו דערציילן. די דאָזיקע אַמאָליקע היים איז ווי אָפּגעמעקט געוואָרן פון זיין זכרון. דאַקעגן איז אין אים אייביק געבליבן איינגעקריצט דאָס אָרט ווו ער האָט „פאַרבראַכט" בלויז איין יאָר — אוישוויץ. און נישט נאָר אין זכרון, און אויך נישט נאָר אין דער הויט פון זיין אָרעם, איז אָט דאָס אָרט געבליבן איינגעקריצט, נאָר אויך אין האַרץ, אין דער נשמה.

אַז ער לייענט אַ מאָל וועגן דעם „אַנדערן דייטשלאַנד" אָדער

וועגן אַ „גוטן דייטש" — דערציילט דער ייד — גיט ער די צייטונג אַ שמיץ צו דער ערד און טרעט זי צו מיט די פיס. ער דאַרף נאָר אַזאַ „גוטן דייטש" זען עפענען דאָס מויל, נאָר הערן זיין דייטשיש קול, אַז ער זאָל אים תיכף „דערקענען", אַז ער זאָל קאָנען שווערן, אַז דאָס איז איינער פון יענע דייטשן וואָס האָבן קאַלטבלוטיק געשאָסן יידן, און מיט אַ שמייכל געטריבן יידן אין די גאַזקאַמערן.

דער צווייטער עולה איז אַן „אַבסאָלוועגט" פון אַ סיבירער לאַגער.

אין אָנהייב פון די דרייסיקער יאָרן, דערציילט ער, איז ער געווען איינער פון די מוטיקסטע, געוואגטעסטע פון דער קאָמוניס־טישער קאָנספּיראַציע אין פּוילן. סטאַלין איז פאַר אים נישט נאָר געווען דער פאָטער פון די פעלקער, נאָר דער איינציקער גאָט צו וועמען ער האָט זיך געבוקט און איז גרייט געווען יעדע רגע מקריב צו זיין פאַר אים זיין לעבן. און אַז די ערד אין פּוילן האָט זיך אָנגעהויבן וואַקלען אונטער זיינע פיס, איז ער אַנטלאָפן אין זיין פאַרגעטערטן „פאָטערלאַנד" — קיין רוסלאַנד, און איז דאָרט אויפ־גענומען געוואָרן מיט אָפענע — תפיסה־טויערן. 25 יאָר האָט ער אין רוסלאַנד פאַרבראַכט, דערפון העכער 15 יאָר אין פאַרשידענע תפיסות און לאַגערן.

דער רוסישער לאַגער — דערציילט ער — איז נאָך נישט דאָס שרעקלעכע. אַ סך שרעקלעכער איז די מורא פאַר אים... אַ סך שרעקלעכער איז די מורא פאַרן קלאַפּן אין דיין טיר אין מיטן דער נאַכט. און אַקעגן די אויספאַרשונגען פון דער נ. ק. וו. ד איז דער לאַגער ממש אַן אָפּרואַרט, אַ סאַנאַטאָריע. און דער „סיביריאַק" דערציילט און דערציילט, איין מעשה „שענער", „פאַר־כאַפּנדיקער" פון דער צווייטער. און אַז ער ענדיקט, ווענדט ער זיך צום עולה פון אַרגענטינע מיט אַ האַלב שפּאָטישן, האַלב גוטמוטיקן שמייכל:

— נו, און איר האָט דאָך אַוודאי אויך אַ סך צו דערציילן.

למשל: ווי שווער ס׳איז געווען אין דער ערשטער צייט דאָס „קלאַפּן״. וויפל בזיונות מען איז זיך אויסגעשטאַנען ביז מען האָט זיך אַרויפגעאַרבעט אויף אַן אייגן געשעפט... נישט אַזוי?

— און וואָס שייך גלות — האָט דער „רוס״ געזאָגט — געהערט אַרגענטינע אויך נישט צו די שלעכטע. איי די עטלעכע אַנטיסע־מיטישע איבערפאַלן אויף יידן אין דער לעצטער צייט — זענען דאָס דאָך בלויז פאַרבייגייענדיקע דערשיינונגען.

— קאָן זיין — האָט דער אַרגענטינער געזאָגט — אָבער די שפּורן וואָס די דאָזיקע דערשיינונגען האָבן ביי אַ סך יידן איבער־געלאָזט, זענען שוין גאָרנישט קיין „פאַרבייגייענדיקע״.

— וואָס ווילט איר דערמיט זאָגן?

— איך מיין דערמיט צו זאָגן, אַז וואָס מיך באַטרעפט, האָב איך ביי די אַנטיסעמיטישע איבערפאַלן ביי אונדז באַצאָלט דעם טייערסטן פּרייז וואָס מען קאָן נאָר באַצאָלן — האָט דער אַרגענ־טינער מיט אַ טיפן קרעכץ געזאָגט. און זעענדיק ווי די צוויי יידן קוקן אים אָן, נישט פאַרשטייענדיק זיינע רייד, האָט ער זיך אָן אַ וואָרט צו רעדן אויפגעהויבן, איז אַוועק צו אַ ליגשטול אין דער נאָענט און געבראַכט צו פירן ביי דער האַנט אַ בילד שיין מיידל.

— דאָס איז מיין טאָכטער, אַן איין־און־איינציק קינד — האָט דער ייד געזאָגט. — זי איז אין איינעם אַ טאָג געווען אַן עדות אויפן גאַס פון אַ כוליגאַנישן איבערפאַל פון נאַצישע סטודענטן אויף יידישע, בעת זיי זענען אַרויס פון דעם אוניווערסיטעט.

— איז וואָס? — האָבן זיך די צוויי יידן געחידושט — יידן זענען אין די לעצטע יאָרן געוווינט געווען צו ערגערע זאַכן.

— יאָ, אָבער צווישן די איבערפאַלער האָט מיין טאָכטער דערזען מיגועלן. איר ווייסט ווער מיגועל איז געווען? צוליב אים זענען צווישן מיר און מיין טאָכטער כמעט יעדן טאָג פאָרגעקומען שרעקלעכע סצענעס. ס׳האָט אָבער גאָרנישט געהאָלפן. ס׳איז געווען צו שפּעט. מיין טאָכטער האָט פון גאָרנישט געוואָלט וויסן. איר

באַשלוס חתונה צו האָבן מיט דעם קאַטוילישן סטודענט ·איז געווען אַ פעסטער. נאָך יענער סצענע אין גאַס האָט מען מיין טאָכטער געבראַכט אַהיימצופירן אַ באַוווסטלאָזע. אַז זי איז „געהיילט״ געוואָרן פון איר שאָק, איז זי געוואָרן „רויִק״. איר זעט ווי רויִק זי איז אַצינד ?

די צוויי יידן האָבן ערשט איצט באַטראַכט דאָס מיידל. איר פּנים איז געווען אָן יעדן אויסדרוק. די אויגן האָבן געקוקט ערגעץ אויף אַ ווייטן פּונקט, און אויף אירע שיינע ליפּן האָט געגליווערט אַן אומהיימלעכער שמייכל.

יצחק פּאַנער

# דער ליגן

ביי דער קליינע גרופּע קורגעסט וואָס זענען געלעגן אין זייערע ליגשטולן אונטערן שאָטן פון אַ געדיכט־צעצווייגטן בוים, איז דער שמועס ווי אויסגעשעפּט געוואָרן. איז מען צוגעשטאַנען צו דעם גרייז־גראָען דאָקטאָר, ער זאָל עפּעס דערציילן. ווי אַן אַרצט מיט לאַנגיעריקער פּראַקטיק האָט ער דאָך זיכער אַ סך צו דערציילן.

דער אַלטער דאָקטאָר האָט אַ ווײַלע געשוויגן. זיך געיישובט צי זאָל ער נאָכגעבן דעם פאַרלאַנג פון די מענטשן, אָדער — ווײַטער שווייגן. ענדלעך האָט ער זיך אָנגערופן:

— איר האָט רעכט, יעדער אַרצט האָט אַ סך צו דערציילן. קיין מענטש טראָגט נישט מיט זיך אַרום אַזויפיל סודות ווי אַן אַרצט. סודות אַפילו פאַר דער אייגענער פרוי. ווער שמועסט נאָך אַן אַרצט פון געשלעכט־קראַנקהייטן. אַזוינער איז דאָך אָנגעפּראָפּט מיט סודות ווי אַ מילגרוים מיט קערעלעך. נישט איין פאַמיליען־טראַגעדיע, נישט איין סקאַנדאַל ווערט פאַרמיטן אַ דאַנק דער דיסקרעציע פונעם דאָקטער. און אויב איך וועל איצט אויפדעקן איינעם פון די סודות, וואָס איך טראָג אַזוי פיל יאָרן מיט זיך, טו איך עס דערפאַר, ווייל די באַטרעפנדיקע פאַמיליע עקזיסטירט נישט מער. זי איז אַריין אין חשבון פון די 6 מיליאָן קדושים. און אויך מיין פרוי איז שוין לאַנג טויט. און אַחוץ דעם האָב איך דאָס באַדערפעניש צו רעדן וועגן אַ פאַל, וואָס האָט מיך אין די אַלע יאָרן נישט אויפגעהערט צו באַשעפטיקן און צו פּייניקן. ווייל איך איצט אַ ביסל אַראָפּרעדן זיך פון... געוויסן.

די קורגעסט האָבן זייערע ליגשטולן צוגערוקט נענטער צום דאָקטערס, און דער אַלטער האָט אָנגעהויבן דערציילן:

מיט ווילי היימאַן בין איך געווען באַפריינדעט נאָך פון די

גימנאַזיע־יאָרן. מיר האָבן אין איין צייט פאַרענדיקט אונדזערע שטודיען. איך האָב מיך ספּעציאַליזירט אַלס דאָקטער פון הויט־ און געשלעכט־קראַנקהייטן. ער איז געוואָרן אַ גימנאַזיע־לערער. ווען ער האָט חתונה געהאַט איז ער אַלט געווען 28 יאָר, די פּרוי — 21 יאָר. פאַרשטייט זיך אַז איך און מיין פרוי זענען אויך מיט ווילים פרוי (ראַשעל האָט זי געהייסן) באַלד געוואָרן אויף „דו". מיר האָבן זי פון דעם ערשטן טאָג ליב באַקומען. מען האָט זי געמוזט ליב האָבן. זי האָט געוווּנען מענטשן מיט איר ווען. צי זי איז שיין געווען? מעגלעך אַז ביי אַ זשורי וואָס באַשטימט אַ שיינהייט־קעניגין וואָלט זי דורכגעפאַלן, ס'וואָלט איר, קאָן זיין, צוגעפּעלט עטלעכע מילימעטער צו דער פאַרגעשריבענער הייך, אָדער וואָלטן אירע אָרעמס צי די פוס־שענקלען נישט געווען אין גאַנצן כהלכה... אָבער ווען ס'וואָלט עקזיסטירט אַ מאָס אויף צו מעסטן ווייבלעכן חן, אַזוי וואָלט זי זיכער געקרוינט געוואָרן ווי אַ חן־קעניגין. שווער געווען צו זאָגן, אין וואָס ס'איז באַשטאַנען איר ווייבלעכער רייץ. אין דער שטימע, אין איר שמייכל, צי אפשר גאָר אין איר גאַנג. לאַכט נישט, פאַראַן פרויען וואָס יעדער טריט וואָס זיי שטעלן, איז ווי אַן אַקאָרד פון אַ זעלטענער מוזיק. און גוט און שטיל איז זי געווען ווי אַ טויב. און געהאַנגען איז זי אין איר מאַן מיט אַ ליבשאַפט און טרייקייט, וואָס האָט צו זיך קיין גלייכן נישט געהאַט. אין די ערשטע צוויי־דריי יאָר נאָך זייער חתונה האָבן זיי אויסגעמיטן געזעלשאַפט און אויך פאַרגעניגן־לאָקאַלן. ס'האָט אויסגעזען, ווי ס'וואָלט זיי אַ שאָד געווען יעדע רגע וואָס קאָן זיי אָפּלענקען — פון זיך, זיי שטערן אין זייער אַליינזיין.

אָבער לאַנג האָט דאָס גליק נישט געדויערט. ס'איז אַוועק אַ יאָר און נאָך אַ יאָר און ראַשעלס טראַכט איז געבליבן פאַרשלאָסן. און ווילי איז ממש אויסגעגאַנגען נאָך אַ קינד. ער האָט געהאַנגען אין קינדער מיט אַן איבערמענטשלעכער, ליידנשאַפטלעכער ליבשאַפט.

פלעגט מיך אָפּט ראַשעל בסוד באַזוכן, כדי פון מיר, דעם געשלעכט־דאָקטער, צו הערן אַ מיינונג. זי פלעגט מיר מיט טרערן אין די אויגן דערציילן, אַז ווילי קומט כמעט טעגלעך אַ היים פון דער שול מיט גרויסע פאַרשפּעטיקונגען. האָט זי זיך דערוווּסט אַז ער טרעט אָפּ ביי דער שוועסטער וואָס האָט צוויי קינדער, צווישן 3 און 5 יאָר. איז די שטוב פון דער שוועסטער פאַר אים געוואָרן ווי די קרעטשמע פאַרן שיכור... גייענדיק מיט אים שפּאַצירן, פלעגט זי מיר דערציילן, און דערזעענדיק אַ מוטער פירן אַ קינד ביי דער האַנט, שטעלט ער זיך אָפּ און קוקט זיי לאַנג נאָך... גלייב מיר — האָט זי פאַר מיר געוויינט — אַז אויך איך בענק נאָך אַ קינד, אָבער זען ווילין אַזוי ליידן, מאַכט מיך קראַנק, משוגע!

איך האָב איר נישט געקענט העלפן. נישט געקענט געבן די מינדעסטע האָפענונג. ווער האָט נאָך אַזוי גוט געוווּסט ווי איך, אַז דער מצב איז אַ האָפענונגסלאָזער. אַז שולדיק איז ער. אַז מיין פריינד איז פאַרשאָלטן מיט דער קללה פון סטערילקייט. און דאָס וואָס איז טויט, קאָן מען נישט לעבעדיק מאַכן. ווילין האָב איך נישט געטאָרט זאָגן דעם אמת. איך פלעג אים טרייסטן, אים זאָגן אַז ביי אים זענען פאַראַן קליינע שטערונגען, וועלכע וועלן האָפנטלעך מיט דער צייט באַזייטיקט ווערן. און ראַשעל וועט נאָך האָבן גענוג צייט צו פאַרשוואַנגערן...

דערווייל איז אַוועק אַ יאָר און נאָך אַ יאָר. איבער ראַשעלס שיין פנים האָט זיך פאַרצויגן אַ שלייער פון טרויער. מיינסטנס האָט מיך געריסן ביים האַרץ איר טרויעריק־רעזיגנירטער שמייכל...

יעדן זומער פלעג דאָס פּאָרפאָלק פאַרברענגען 3־4 וואָכן אין אַ היימישן קוראָרט. אין יענעם זומער — דאָס איז געווען דאָס 8־טע יאָר נאָך זייער חתונה — איז ראַשעל צוליב אַ מאָגן־ליידן געפאָרן קיין קאַרלסבאַד — אַליין.

אין איינעם אַ טאָג, ווען איך האָב געעפנט די טיר צו מיין וואַרטצימער, האָב איך באַמערקט אין ווינקל זיצן אַ פרוי. און

כאָטש איר פּנים איז געווען פאַרשלייערט, האָב איך זי באַלד דערקענט, — ס׳איז געווען ראַשעל. דאָס איז געווען אומגעפער 4־5 וואָכן נאָך איר צוריקקומען פון קאַרלסבאַד. ווען דער לעצטער פּאַציענט איז אַוועק, איז זי אַריין צו מיר אין אָרדינאַציע־צימער און אָפּגעוואָרפן דעם שלייער. איר פּנים איז געווען טויט־בלייך, די ליפּן פאַרקרימט צוליב אינערלעכער אויפרעגונג. זי האָט געציטערט.

— ראַשעל! — האָב איך אַ דערשראָקענער אויסגערופן — וואָס איז געשען?!

— רודי... רודי... — האָט זי מיט די לעצטע כוחות אויסגעשטאַמלט.

— אָבער וואָס האָט פּאַסירט? גאָט מיינער, ווי דו זעסט אויס!

— רודי... ראַטעווע אונדז... מיך און ווילין!...

—איז עפּעס געשען מיט ווילין?

— רודי... איך... בין שוואַנגער.

איך בין געבליבן זיצן ווי פאַרשטיינערט. ס׳האָט לאַנג געדויערט ביז איך בין געווען בכוח צו פרעגן:

— פון וועמען?

— איך ווייס נישט...

— וואָס הייסט דו ווייסט נישט?! — האָב איך זי גראָב אָנגעשריגן.

— כ׳קאָן אים נישט... ער מיך — אויך נישט. ער איז מיר דאָרט נאָכגעגאַנגען... געזוכט מיין באַקאַנטשאַפט... מיין באַשלוס איז געקומען פּלוצלינג. די לעצטע נאַכט פאַר מיין אָפּפאָרן. איך האָב אים געלאָזט מיר נאָכגיין ביז מיין האָטעל־צימער. איך אַליין האָב אים די טיר געעפנט און אים געלאָזט אַריינגיין. ער איז ביי מיר געבליבן די גאַנצע נאַכט. פאַרטאָג האָב איך אים געהייסן גיין. דעם זעלבן פאַרמיטאָג האָב איך אָפּגערייזט. איך האָב עס געמוזט טאָן, רודי, צוליב אים, צוליב זיין גליק... פאַרשטיי, רודי, אָ, פאַרשטיי!

זי איז אויסגעבראָכן אין אַ געוויין. איך האָב זי געלאָזט וויינען. ס׳האָט לאַנג געדויערט. דאַן האָט זי זיך ווי אויפגעכאַפּט, און געזאָגט: — אונדזערביידנס לעבן ליגט אין דיינע הענט. אויב דו וועסט זיך יעצט פון מיר אָפּקערן, הרגעסטו אים און מיך.

— וואָס זאָל איך טאָן? — האָב איך קאַלט געפרעגט.

— איך וועל אים וועגן דעם געשעעניש דערציילן. ער וועט דאָך מיט דער נייעס תיכף קומען צו דיר צולויפן... מוזטו אים לפנים באַהאַנדלען. ער וועט פיבערן צו הערן דעם רעזולטאַט. דער רעזולטאַט מוז אָבער זיין אַ פּאָזיטיווער... דו מוזט אים ווינטשן גליק צו זיין געזונג... פאַרשטייסט?

— דאָס הייסט אים אומפאַרשעמט אָפּנאַרן?

— יאָ, אויב זיין לעבן איז דיר טייער. און וועגן דעם סוד טאָר אַפילו זשעני (מיין פרוי) נישט וויסן. איך באַשווער דיך —

דער דאָקטער האָט טיף אָפּגעאָטעמט, אָפּגעווישט דעם שווייס פון שטערן און נאָך אַ ווײַלע ממשיך געווען:

— איך האָב אין מיין גאַנץ לעבן קיין גליקלעכערער פאַמיליע און קיין גליקלעכערן איבערגעגעבענעם פאָטער נישט געקענט. דאָס קינד (דער זון איז אַלט געוואָרן 15 יאָר) איז געוואָרן דער אינהאַלט און דער זין פון זיין לעבן. זינט דעמאָלט זענען שוין אַ סך יאָרן אַוועק, אָבער איך קאָן זיי נישט פאַרגעסן. מיך הערט נישט אויף צו פייניקן דער געדאַנק צי האָב איך דאָס געמעגט טאָן? צי האָב איך געמעגט אַזוי מיאוס אָפּנאַרן אַ פריינד און אַ קליענט? צי האָב איך געמעגט בויען זיין גליק אויף אַ פאַלשן פונדאַמענט, אויף אַ ליגן?

דער אַלטער דאָקטער איז אַנטשוויגן געוואָרן. זיין געשיכטע איז געווען געענדיקט.

איינער פון די צוהערער האָט איבעררייסנדיק די איינגעטרעטענע שטילקייט זיך אָנגערופן:

— הערט, דאָקטער, וואָס איך וועל אייך זאָגן: אויב ס׳איז דאָ אַ יענע וועלט, און איבער הונדערט און צוואַנציק יאָר וועט מען „דאָרט״ וועגן אייערע מצוות און עבירות, אַזוי בין איך זיכער אַז בלויז דער אייבער ליגן אייערער וועט אַריבערוועגן אַלע עבירות וואָס איר זענט אין אייער גאַנץ לעבן באַגאַנגען.

# דער כוח פון יידישער בענקשאַפט

נישטאָ כמעט קיין אָרט אויף אונדזער וועלטקיילעך ווו אַ יידישער פוס זאָל נישט האָבן באַטרעטן. און נישטאָ כמעט קיין אָרט אויף אונדזער וועלטקיילעך ווו אַ ייד זאָל זיך געווען תמיד פילן זיכער, מעג ער אַפילו אין יענעם אָרט זיין פאַרוואָרצלט זינט אַ סך דורות. היינט אין דעם און מאָרגן אין אַן אַנדער לאַנד האָט די ערד אונטער יידישע פיס אָנגעהויבן זיך וואַקלען און מען האָט געמוזט אַלץ שטיין לאָזן און אַנטלויפן ווו מ׳האָט נאָר אַריינגעלאָזט, האָט עס אַפילו געמעגט זיין ערגעץ הינטער די הרי חושך. פאַרקערט וואָס ווייטער, אַלץ בעסער, וואָס מער פאַרוואָרפן, אומבאַקאַנטער דאָס מקום ליגט, אַלץ מער האָפענונג איז פאַראַן, אַז עס זענען נאָך דאָרט קיין יידן נישטאָ, דאָס הייסט, אַז ס׳איז נאָך דאָרט קיין אַנטיסעמיטיזם נישטאָ... וועט מען רויִק קאָנען דעם קאָפּ אַוועקלייגן.

האָט אַזאַ היימלאָזער ייד, אַ רעכטצייטיק אַנטלאָפענער פון אַלע גיהנומס, געהערט אַז ס׳איז פאַראַן ערגעץ אין „עק וועלט״ אַ לענדעלע, וואָס לאָזט נאָך אַריין יידן. און הייסן הייסט דאָס לענדעלע טרינידאַד. האָט דער ייד פון מאַפּעס און לעקסיקאָנס זיך דערוווסט, אַז דאָס איז איינע פון די מערב־אינדישע אינדזעלעך, וואָס ליגט אין קאַריבישן ים און איז עפּעס מער פון פינף טויזנט קוואַדראַט קילאָמעטער די גרויס (עפּעס ווייניקער ווי אַ פערטל פון ישראל), האָט קרוב אַ האַלבן מיליאָן איינוווינער (היינט העכער זיבן הונדערט טויזנט) און איז אַן ענגלישע קאָלאָניע (היינט זעלב־שטענדיק). האָט דער ייד קיין סך נישט געקלערט און איז אַוועק אַהין.

אין די ערשטע טעג האָט זיך אַזאַ ייד אַרומגעשלענדערט איבער די טראָפּיש צעגליטע גאַסן פון דער הויפּט שטאָט פּאָרט אָוו ספּעין, אַן איינזאַמער. די פּנימער פון די מענטשן זענען אַזוינע מאָדנע:

קויל־שוואַרצע, קופער־ברוינע און אויך געלע מיט שיפּע אויגן־שפּעלטלעך.

שפּאַנט דער ייד גאַס־איין, גאַס־אויס, און פּלוצעם... וואָס איז דאָס? נישט קיין האַלוצינאַציע אין רעזולטאַט פון דער טראָפּישער היץ? צי אפשר גאָר אַ פאַטאַ מאָרגאַנאַ? ער שטייט פאַר אַ ראָג און אויף דער פאַסאַדע פון הויז איז אָנגעשלאָגן אַ שילדל (מיט לאַטייניש אותיות) דער נאָמען פון דער גאַס: „זאב בן־אליעזר סטריט"... צי חלומט ער נישט? — טראַכט דער ייד — האָט נישט די בענקשאַפט נאָך דער ווייטער חרובער היים אָט דעם נאָמען אויסגעכישופט? ער גייט ווייטער און — גרויסער גאָט! — אָט איז אַ צווייטע „האַלוצינאַציע": „טעאָדאָר הערצל עוועניו"... ווו בין איך ערגעץ? — שרייט אויס דער ייד. ווי אַ באַזעסענער לויפט ער ווייטער און ס'קומט אים אַקעגן נאָך אַ „געשפּענסט": חיים ווייצמאַן עוועניו... און נאָך ווייטער: „נחמה סטריט" און נאָך איר גייט די: „פּערל גוטמאַן גאַס", און די דאָזיקע גאַס קרייצט זיך מיט דער „אַלבערט איינשטיין" גאַס און נאָך איר — — —

ס'האָט גאָרנישט לאַנג געדויערט און דער ייד האָט זיך „באַרויקט". ער האָט זיך איבערגעצייגט, אַז די „האַלוצינאַציעס" און די „פאַטאַ־מאָרגאַנאַס" און די „געשפּענסטער" זענען ממשותדיקעווירקלעכקייט. ער האָט זיך באַלד געטראָפן נישט נאָר אויך מיט ווייסע מענטשן, נאָר טאַקע מיט יידן, און מען האָט אים דערציילט די געשיכטע פון די יידישע גאַסן און פון דעם יידן וואָס האָט זיי אויסגעבויט.

דער ייד וואָס האָט זיך פאַרגענומען דאָס ווייטע און ווילדע אינדזעלע צו פאַרהיימישן, צו פאַריידישן, האָט געהייסן שמעון־בער אַווערבוך. ער האָט געשטאַמט פון אָדעס, זיין פרוי פון פוילן. אין יאָר 1933 האָבן זיי איבער פוילן אויסגעוואַנדערט קיין טרינידאַד. ער איז געווען אַ בוי־אינזשיניער און האָט דאָ אָנגעהויבן אַרבעטן אין זיין פאַך. אַז ער האָט זיך אַביסל אַרויפגעאַרבעט, האָט ער

פאַרטראַכט אַ גראַנדיעזן פּלאַן. הינטער דער שטאָט האָט זיך געצויגן אַ ווייטער זומפּ־שטח וועלכן די איינוווינער האָבן מחמת מאַלאַריע־סכנה אויסגעמיטן. דעם דאָזיקן שטח האָט אָווערבוך אָפּגעקויפט ביי דער שטאָטפאַרוואַלטונג פאַר אַ שיבוש. ס׳האָט נישט לאַנג געדויערט און אויף דעם אויסגעטרוקנטן שטח האָבן אָנגעהויבן אַנטשטיין מאָדערנע הייזער מיט אַלע מאָדערנע באַקוועמלעכקייטן. עס זענען אַנטשטאַנען גאַסן, בולוואַרן, פּאַרקן. מען איז געלאָפן קוקן ווי אויף חידושים אויף אָט דעם נייעם קוואַרטאַל וואָס האָט באַקומען דעם נאָמען „אָווערבוך סעטלמענט״ (שכונת אָווערבוך). די רייכסטע און פּאָרנעמסטע איינוווינער פון שטאָט האָבן פאַרקויפט זייערע אַלטע הייזער און דירות און זיך דערוואָרבן אַ הויז אין דעם אָווערבוך־קוואַרטאַל. ביים געבן די נייע גאַסן נעמען האָט אָווערבוך קודם כל געהאַט אין זינען די אייגענע משפּחה, די נאָענטסטע: אַ נאָמען געגעבן די ערשטע נאָכן טאַטן, נאָך דער מאַמען, נאָך דער שוויגער... דערנאָך פאַר זיך אַליין (אָווערבוך עוועניו) פאַר דער פרוי (נחמה סטריט). דאַן זענען געקומען די גאַסן מיט נעמען פון יידישע באַרימטקייטן און יידישע מנהיגים. און אז ס׳איז אַנטשטאַנען די מדינה, זענען געקומען גאַסן מיט נעמען ווי: ישראל סטריט, דוד בן־גוריון סטריט, יצחק בן־צבי סטריט און נאָך און נאָך...

אין קרית שאול שלאָפט זיין אייביקן שלאָף דער, וואָס אין זיין בענקשאַפט נאָך יידן און יידישער היים האָט ער אויסגעבויט אויף אַ ווייטן ווילדן העק אַ יידישן קוואַרטאַל און ער האָט נישט זוכה געווען אַז זיין חלום צו לעבן און ווירקן אין דער אמתדיקער יידישער היים, זאָל מקוים ווערן.

זיין חלום אַלץ צו ליקווידירן און זיך באַזעצן אין ישראל, איז נישט פאַרווירקלעכט געוואָרן. אין יאָר 1957 איז ער געשטאָרבן אין אַן אַמעריקאַנער שפּיטאָל און געבראַכט געוואָרן צו קבורה קיין ישראל דורך זיין אַלמנה.

# דאָס פינטעלע

דאָס קליינע פוילישע שטעטל געדענקט ער ווי אין חלום. בילדער, אייניקע קלאָרער, אַנדערע פאַרנעפּלטער, שווימען צומאָל אויף אין זיין זכרון. זיי קומען צו אים ווי געסט פון אַ ווייטן לעגענדאַרן לאַנד. אַז ער איז אַלט געוואָרן פיר יאָר איז ער שוין געווען אַ קיילעכיקער יתום. די מאַמע איז געשטאָרבן ביי זיין געבורט, דער טאַטע — מיט 4 יאָר שפּעטער. דער זיידע און די באָבע זענען געוואָרן זיינע טאַטע־מאַמע.

באַך איצט זעט ער זיך זיצן ביי אַ לאַנגן טיש אין חדר. אים שלאָגט נישט דער רבי: אַ קיילעכיקער יתום. און כאָטש עס גייט וועגן „מאַכן" פון אים אַ ייִד, לערנען תורה, הייבט זיך דאָך נישט אויף דעם רבינס קאַנטשיק איבער זיין קליין שמאָל רוקנדל: ער איז שוין גענוג געשלאָגן געוואָרן! אַזאַ פּיצלס און שוין אָן טאַטע־מאַמע.

ער געדענקט: אַ שיל, דער זיידע פלעגט אים אַהין מיטנעמען און זאָגן מיט אים דעם קדיש. דאָרט זענען געווען אַ סך אַנדערע קינדער, געפירט ביי דער האַנט פון גרויסע, וועלכע די קינדער האָבן גערופן טאַטע.

דאָס אַזוי אויך פאַרנעפּלטע בילד פון טאַטן איז גיך אינגאַנצן פאַרווישט געוואָרן פון זיין זכרון. זיין פּלאַץ האָט אַנגעהויבן פאַרנעמען דער זיידע. דאָס וואָרט „זיידע" האָט מיט יעדן טאָג באַקומען אַן אַלץ קלאָרערן, ריינערן קלאַנג און איז ווי אַ פּרוכט אונטער וואַרעמע זון־שטראַלן אַלץ פולער, צייטיקער, זאַפטיקער געוואָרן. דער זיידע איז געוואָרן אי דער טאַטע, וואָס פירט, דערציט, באַשיצט, און אי די מאַמע וואָס גלעט, קושט, לאַשטשעט. איז אים

דער זיידע געוואָרן ווי די לינקע האַנט ביי איינעם ביי וועמען די רעכטע פעלט.

מער ווי אַלץ איז געבליבן לעבעדיק אין זיין זכרון — אַ סדר נאַכט, אַ העל־באַלויכטענע שטוב, אַ געדעקטער טיש. מצות... ראַזשינקע־וויין... אַ קליין, גלעזערן, בלוי קריגעלע מיט אַ קליין שמאָל „פּיסקעלע" — זיין כוסהלע... דער זיידע אין אַ ווייסן קיטל זיצט אָנגעלענטערהייט אויבנאָן...

דאָן געדענקט ער: עס איז געקומען אַ פרוי באַהאָנגען מיט צירונג. אירע קליידער האָבן גערוישט ביים גיין און האָבן געשמעקט מיט אַזאַ פיינעם ריח. מען האָט אים אָנגעזאָגט, ער זאָל זי רופן מומע. ער איז מיט איר געפאָרן ווייט אַוועק פון שטעטל און פון זיידן, געפאָרן מיט באַנען און מיט אַ שיף.

צו זיבן יאָר האָט ער אָנגעהויבן לערנען אין דער „אַליאַנס"־שול פון קאַיר. געלערנט פראַנצויזיש און אַראַביש. דאָס פּוילישע קליינע שטעטעלע איז געוואָרן חלום, לעגענדע, און דער זיידע האָט געשוועבט פאַר די אויגן ווי אַ געשטאַלט פון אַ וווּנדער־מעשהלע.

צו 25 יאָר האָט ער חתונה געהאַט. איז אַוועק אַרבעטן אין באַנק־הויז פון זיין רייכן שווער. די געשעפטן זענען מיט יעדן יאָר זיך אַלץ מער צעוואַקסן, זיך צעצווייגט מיט נייע פיליאַלן, אָפּ־טיילונגען. זיין מאַמע־לשון איז געוואָרן פראַנצויזיש. נאָר צו די דינער און דינסטן האָט ער גערעדט אַראַביש. פון יידישקייט האָבן ער און זיין יידיש־מצרישע פרוי נאָר אַזויפיל געהאַלטן, וואָס יום כיפור איז מען אויף אַ שעה־צוויי געגאַנגען אין דער ספרדישער שול.

די יאָרן זענען געלאָפן. זיין רייכטום איז געוואַקסן אין דער נאָך געגוג פרייער מדינה פון מלך פאַרוק. זיינע קינדער — זין און טעכטער — האָבן געענדיקט מיטלשולן און ווייטער שטודירט, ווער אויף אַן ענגלישן, ווער אויף אַ שווייצאַרישן אוניווערסיטעט און

זענען אַהיימגעקומען מיט דיפּלאָמען, חתונה געהאַט, געוואָרן פּראָ־פעסאָרן, דאָקטוירים, פאַבריקאַנטן, געהאַט קינדער.

דאָ איז עפּעס געקומען אַזוינס, וואָס האָט ביי די קינדער און אויך ביי זייער מוטער דערוועקט דעם חשש, אַז מיטן אַלטן איז עפּעס נישט אין אָרדענונג, אַז מען וואָלט וועגן דעם געדאַרפט פרעגן אַ נערוון־דאָקטאָר. אָט וואָס עס איז געשען: אַז דאָס ערשטע אייניקל האָט זיך געשטעלט אויף די פיסלעך און אָנגעהויבן רעדן, האָט זיך דער אַלטער בשום אופן נישט געלאָזט רופן „גראַן־פּער" ווי מען האָט דאָס קינד געלערנט. ער איז באַשטאַנען דערויף, אַז דאָס קינד זאָל אים נישט אַנדערש רופן ווי נאָר — „זיידע".

עס האָבן נישט געהאָלפן די טענות פון זיין פרוי, די פאָרנעמע ליידי און נישט פון די זין און טעכטער, אַז ער זאָל זיך אָפּלאָזן פון אַזאַ קאָמיש און נאַריש וואָרט, וואָס אַפילו די אַלטע אַשכנזים אין קאיר באַנוצן שוין נישט מער... מען האָט אים געגעבן צו פאַרשטיין אַז די קינדער וועלן ווערן אויסגעלאַכט פון זייערע חברים, ווען זיי וועלן הערן מיט וואָס פאַר אַ לעכערלעך און קאָמיש וואָרט זיי רופן זייער „גראַן־פּער". איז כדאי, אַז די קינדער זאָלן וועגן אַזאַ נאַרישן קאַפּריז פונעם „פּער" דאַרפן אויסגעלאַכט ווערן? און טאַקע ער אַליין. דער „פּער", וואָס פאַרקערט אין די רייכסטע און פאָרנעמסטע קרייזן, אים אַליין, וועט דען זיין אָנגענעם ווען אין געזעלשאַפט פון פאָרנעמע געסט וועט אַן אייניקל פּלוצלונג אויסרופן: „זיידע!..."

עס האָט אָבער גאָרנישט געהאָלפן. דער אַלטער האָט זיך איינ־געעקשנט, ווי פון אָט דעם וואָרט וואָלט געוועזן אָפּהענגיק נישט בלויז זיין אייגן לעבן, נאָך אויך די ווייטערדיקע עקזיסטענץ פון זיינע קינדער און קינדס־קינדער...

מען האָט געמוזט נאָכגעבן. די באָבען האָבן די אייניקלעך גערופן: „גראַן־מער" אים אָבער — „זיידע" הערנדיק פון אַן אייניקל דאָס וואָרט „זיידע", פלעגן דעם אַלטנס אויגן אויפלויכטן מיט אַ

פייכטן גלאַנץ און אויף זיינע ליפּן האָט אויפגעשיינט אַן אייגנ־אַרטיקער שמייכל.

און ווען אַן אייניקל האָט זיך אים אַוועקגעזעצט אויפן שויס און אויסגערופן: „זיידע, קאָנסט מאַא אין היסטאָאַר״ (דערציייל מיר אַ מעשהלע) — האָט דער אַלטער אָנגעהויבן דערציילן; וויט, ווייט פון דאַנען איז אַמאָל געווען אַ קליין שטעטעלע... אַ העל־באַלויכטענע שטוב... אַ געדעקטער טיש. מצות... ראָזשינקע־ווייַן... פּאָר אַ קליין יינגעלע איז געשטאַנען אַ קליין, בלוי גלעזערן כוסהלע מיט אַ קליין שמאָל „פּיסקעלע״... און אויבנאָן, אין אַ ווייסן לאַנגן קיטל, אָנגעלענט, איז געזעסן דער זיידע, דער זיידע —



זיי זענען שוין אַלע זינט אַ צייט אין ישראל — דער זיידע, די באָבע, די קינדער, די אייניקלעך. זיי, די אייניקלעך, פילן זיך ווי סאַברעס. רעדן מיט די עלטערן זייערע נישט גערן פראַנצויזיש.

די עלטערן רופן זיי שוין אבא און אמא, די באָבע — סבתא. דעם אַלטן אָבער רופן זיי אויך דאָ נישט אַנדערש ווי — זיידע. ער האָט זיינס אויסגעפירט.

# דאָס קעצל

(אַ פאַמיליען־דראַמע מיט אַ העפּי־ענד)

אין דער דראַמע האָט זיך באַטייליקט די גאַנצע פאַמיליע, וואָס באַשטייט פון 5 פאַמיליע־מיטגלידער: דער פאָטער, די מוטער, זייער יונגע שיינע טאָכטער, איר 10־יעריק מיידעלע חנהלע, און דאָס מיזיניקל פון דער פאַמיליע — דאָס האַלביעריק קעצעלע מיצעלע...

די דאָזיקע פאַמיליע וווינט אַ 20—25 מינוט אויטאָ־רייזע פון תל־אביב, אין אַ שטילן פרידלעכן דאָרף, וואָס באַשטייט פון שטילע פרידלעכע פריוואַטע ווילעס און ווילעלעך, וואָס די מערסטע פון זיי באַהאַלטן זיך צווישן הויכע געדיכט־צעצווייגטע ביימער אין די גרויסע גערטנער מיט די גרינע שמעקעדיקע דשאַ־טעפּיכער.

אין די זומער־חדשים פאַרברענגט די פאַמיליע אין אירע פרייע שעהן אין זייער גאָרטן, אין קילן שאָטן פון די ביימער, — צוזאַמען מיט זייער „מיזיניקל" — מיצעלע, צו וועלכן אַלע באַציען זיך מיט גרויס ליבשאַפט. און ס'איז גאָר קיין חידוש נישט. גיי האָב אַזוינס נישט ליב! אַז ס'איז מלא־חן! אָפּט פירט מיצעלע אויס שטיקלעך, אַז מ'האַלט זיך ממש ביי די זייטן פון געלעכטער. אַז מיצעלע גיט זיך למשל אַ קער איבער נאַזנדיק און נעמט זיך קונציק שפּילן מיט די אייגענע לאַפּקעלעך; אָדער ווען עס נעמט דורכפירן זיינע „מויזנכאַפּ"־איבונגען: כאַפּן אין מויל אַריין עפּעס אַ קליין שמאַט־קעלע, אָדער אַ שפּענדל, עס אַוועקשליידערן ווייט פון זיך, זיך נעמען נאָך דעם יאָגן, עס כאַפּן און ווידער אַוועקשליידערן — אַז מען קוקט זיך צו צו אַזעלכע ספּעקטאַקלען, דאַרף מען נישט קיין טעאַטער...

נאָר אין איינעם אַ טאָג איז אויפן ליכטיקן וועג פון מיצעלע

אַדורכגעלאָפן אַ שוואַרצע קאַץ, און ס׳האָבן זיך פאַר אים און דער גאַנצער משפחה אָנגעהויבן טעג און נעכט — אַז זיי זאָלן זיך שוין נישט מער אומקערן!

געשען איז אָט וואָס: אין איינעם אַ טאָג האָט מיצעלע געגעבן אַ ביס אין פוס חנהלעס באָבען. ווי אַזוי האָט אַזאַ זאַך געקענט געשען ביי אונדזער גוטער, מילדער מיצעלע? דאָס איז נישט אַנ־דערש צו פאַרשטיין ווי נאָר אַז דאָ איז פאָרגעקומען אַן אטאַוויסטי־שער אָפּרוף; אַז אין מיצעלען האָט אין יענער רגע דערוואַכט דער בלוטדורשטיקער טיגער וואָס זי איז געווען אין איר ערשטן גלגול מיט עטלעכע מיליאָנען יאָר צוריק. היינט, ווען מיר לאַנדן שוין אויף דער לבנה; ווען מען קאָן שוין געניי אויף אַ האָר אויסרעכענען וויפל מיליאָנען ליכט־יאָרן ס׳איז פון אונדז ווייט אַזאַ צי אַן אַנ־דערער שטערן, — איז דער מרחק פון עטלעכע מיליאָנען פשוטע יאָרן וואָס ליגט צווישן טיגער און קאַץ אַ נישטיקער, ממש אַ קאַצנשפּרונג...

נאָר לאָמיר איבערגיין צום עיקר. דערפילנדיק אַ ווייטיק אין פוס, איז די טאָכטער מיט דער מוטער אַוועק אין קופּת־חולים. דאָרט האָט מען זיי געזאָגט אַז די קאַץ דאַרף תיכף ומיד אונטערזוכט ווערן אין דער וועטערינאַרישער לאַבאָראַטאָריע אין לוד, צי זי איז נישט קראַנק אויף כלבת.

אַז חנהלע האָט געזען ווי דער קאַזיאָנער „הונטשלעגער״ פאַר־וואַרפט אַרום מיצעלעס האַלדז אַ שטריק, האָט זי אויסגעבראָכן אין אַזאַ געוויין, אַז מען האָט געמיינט דאָס קינד קומט חלילה אום. אָבער אויך די גרויסע זענען צוריקגעבליבן ווי פאַרגליווערט, ווען מען האָט מיצעלען אַוועקגעפירט. זיי האָבן געמוזט צוקוקן ווי מיצעלע ראַנגלט זיך מיט די לעצטע כוחות, פאַר זייערע אויגן האָט געשוועבט מיצעלעס לעצטער בליק וואָס האָט צו זיי געקוקט מיט פאַרצווייפלונג און צער, מיט אַ בליק פון אַ פאַרראַטענער... עס האָבן זיך פאַר דער פאַמיליע אָנגעהויבן אומרויקע טעג און שלאָפ־

לאָזע נעכט. און ווען זיי האָבן זיך נאָך דערוווּסט, אַז, נישט געקוקט דערויף וואָס מיצעלע איז געפונען געוואָרן געזונט, דערוואַרט אים טויט דורך דערשיסן, האָט זייער פאַרצווייפלונג דערגרייכט די העכסטע מדרגה.

אין יענעם פרימאָרגן איז די יונגע טאָכטער אַראָפּ פון בעט, זיך שנעל געוואַשן אָנגעטאָן און געזאָגט צום פאָטער: — טאַטע, מיר פאָרן קיין לוד. די דאָזיקע ווערטער האָט די טאָכטער דעם פאָטער ממש אַרויסגענומען פון מויל. ווען זי זאָגט אים דאָס נישט וואָלט ער דאָס איר געזאָגט. אין דעם טאָג האָט דער פאָטער נישט געעפנט זיין קיאָסק, די טאָכטער איז נישט אַוועק צו דער אַרבעט. מ'האָט מיטגענומען אַ ליידיקן זאַק און זיך געלאָזט פאָרן קיין לוד.

דאָרט האָט מען זיי לאַנג אַרומגעפירט צווישן לאַנגע רייען מיט שטייגן. פון איין ריי שטייגן מיט בילנדיקע, וויינענדיקע הינט, און פון דער צווייטער זייט — שטייגן מיט מיאַוקנדיקע קעץ.

ענדלעך איז מען שטיין געבליבן פאַר אַ שטייג.

— אָט איז אייער קאַץ — האָט מען זיי אָנגעוויזן. פאָטער און טאָכטער האָבן געקוקט און געצווייפלט. צי איז דאָס זייער מיצעלע? אוממעגלעך. אין שטייג איז געשטאַנען אַן אומבאַוועגלעכע קאַץ און געקוקט מיט ווילדע אויגן ערגעץ אויף אַ פּונקט. ס'איז געווען אַ פחד צו קוקן אויף איר. די יונגע פרוי האָט אויסגעפּרוּווט: זי האָט אַ רוף געטאָן מיט אַ ווייכער צערטלעכער שטימע: — מי־צעלע! די קאַץ האָט זיך אַ צאַפּל געטאָן. ביים צווייטן רוף האָט זי אָנגעהויבן זוכן, קוקן דורך די קראַטן, און דערזעענדיק די רופנדיקע האָט זי ערשט אָנגעהויבן יאָמערלעך צו מיאַוקען, ווי זי וואָלט זיך בעטן: האָב רחמנות, ראַטעווע מיך אַרויס פון דאַנען!

זיך אָפּגערעכנט אין משרד, באַצאָלט פאַר מיצעלעס „באַהאַנד־לונג", באַצאָלט פאַר „קאָסט און קוואַרטיר", האָט מען מיט דער קאַץ אין זאַק זיך געלאָזט פאָרן אַהיים.

אין אויטאָבוס האָט דער פאָטער יעדעסמאָל געמאַכט אין זאַק

אַלץ גרעסערע לעכער, אַז מיצעלע זאָל חלילה נישט דערשטיקט ווערן. די קאַץ האָט זיך אָבער נישט אויפגעהערט צו וואַרפן, צו מיאוקען און דערמיט געשטערט און דענערווירט די מיטפאָרנדיקע. אייניקע האָבן געלאַכט און זיך געוויצלט. איין ייד האָט געפרעגט ווי הויך ס'איז היינט דער פרייז פון קעץ. אַ צווייטער האָט געפרעגט וואָס עס צאָלט זיך מער — קעץ צי קאָטערס. אַ דריטער האָט געוואָלט וויסן, צי אין זייער היים איז טאַקע אַזאַ יקרות אין קעץ, אַז מען דאַרף זיי ברענגען אַזש פון דער פרעמד.

אָנקומענדיק צו דער תחנה מרכזית האָבן פאָטער און טאָכטער — כדי מיצעלען נישט מער אַזוי לאַנג צו מוטשען — געכאַפּט אַ „ספעשל", באַצאָלט וויפל דער שאָפער האָט פאַרלאַנגט און אין 15 מינוט אַרום איז דער אויטאָ שטיינגעבליבן פאַרן הויז פון דער פאַמיליע. דערהערנדיק דאָס גערויש פונעם אויטאָ, איז די מוטער אַרויסגעלאָפן פון דער שטוב, און דערזעענדיק דעם מאַן מיט דער טאָכטער טראָגנדיק לעבעדיק און געזונט מיצעלען, האָט זי מיט טרערן אין די אויגן אויסגערופן: אפשר איז דעם קעצל באַשערט געווען אַ גרויס אומגליק זאָל עס דערמיט האָבן אָפּ־געקומען!

# דער סינטעטישער קריסט

אַמאָל, ווען דאָס יידישע שטעטל איז נאָך געווען גאַנץ און אָפּגעשלאָסן קעגן אַלע דרויסנדיקע ווינטן, איז דער גרעסטער פלעק אין אַ משפחה געווען צו האָבן אַ משומד. אַ מחותן, וואָס האָט נאָכן שרייבן תנאים זיך דערוווּסט, אַז אין דער משפחה פונעם חתן (אָדער דער כלה) האָט עמעץ „אויסגעביטן דאָס רענדל״, האָט ער תיכף אָפּגעלאָזט דעם שידוך, און דאָס אַפילו אין דעם פאַל, ווען דער משומד (אָדער די משומדת) האָט זיך אָנגעקערט מיטן חתן אָדער דער כלה ווי מען זאָגט „אַ באָבעס אַ טשוואָק״.

יענע צייטן זענען שוין לאַנג אַוועק. היינט מאַכט מען זיך ווייניק וואָס דערפון, וואָס אין דער משפחה איז פאַראַן אַ משומד אָדער משומדת. און עס זענען היינט אפילו פאַראַן אַזעלכע יידן, וואָס אַ משומד אין דער משפחה איז ביי זיי אַפילו אַ מין חן־פּינטעלע, אַ „שיינקייט־פעלער״. אין מיין אַלטער היים, אין בוקאָווינע, פלעגט מיר נישט איינמאָל אויסקומען צו הערן אַ יידיש מיידל מיט שטאָלץ רעדן פון איר קוזינקע, „דער פרוי פון גענעראַל״ — אָדער פון דער טאַנטע „די פרוי פון האָפראַט״.

עטלעכע יאָר נאָכן ערשטן וועלט־קריג איז מיינע אַ קרובה, דעמאָלט אַ יונג מיידל, אַוועק קיין דייטשלאַנד. עס האָט זי אַרויס־גענומען אַ קינדערלאָזע טאַנטע, אַן אַלמנה, וואָס האָט, ווי מיר אַלע, געשטאַמט פון אַ בוקאָווינער שטעטל, אָבער האָט שוין גע־ווווינט אין דער בייערישער רעזידענץ־שטאָט, אין מינכען, אַ סך יאָרן.

אין די ערשטע 2—3 יאָר זענען געקומען פון נאַראַן (אַזוי הייסט מיין קרובה) בריוו פול מיט באַגייסטערונג פאַר דעם שיינעם און פריילעכן לעבן אין דער דייטשער גרויסשטאָט. זי לאָזט נישט אויס

קיין גוט טעאַטער, אָפּערע, קינאָ, זי באַזוכט מיט דער טאַנטע רייכע און פאָרנעמע געזעלשאַפטן — האָט זי געשריבן.

ביסלעכווייז זענען די בריוו געוואָרן אַלץ זעלטענער — אַ סימן, אַז עס גייט איר גוט — האָט מען ביי אונדז אויסגעטייטשט, אַז זי שווימט ווי אַ פיש אין וואַסער.

נאָך אַ צייט האָט אונדז נאָראַ מיטגעטיילט, אַז די טאַנטע איז שוין באַלד אַ יאָר טויט און, אַז זי „גייט" מיט זייער אַ ווילן און געבילדעטן „בורשן". נאָך אַ בריוו מיט אַ בייגעלייגטער פאָטאָג־ראַפיע: נאָראַ אין כלה־שלייער שטייט געאָרעמט מיט אַ יונגן דייטש אין פראַק, זיי שטייען פאַרן אַלטאַר אין אַ קירך, און אַ גלח, אָנגעטאָן אין זיינע „בגדי קודש" גיט זיי „חופה וקידושין".

אין אונדזער משפחה האָבן זיך נישט געפונען אַזעלכע, וואָס אַ משומדת אין דער פאַמיליע זאָל פאַר זיי זיין אַ גרויסע טראַגעדיע. מיר זענען אָבער אויך געווען ווייט דערפון צו באַטראַכטן אַזאַ זאַך ווי אַ „שיינקייט־פעלער" אין דער פאַמיליע, מיט וועלכן מען קאָקעטירט, באַרימט זיך. מיר האָבן עס געהאַלטן פאַר אַ געשמאַקלאָזיקייט פון דער קרובה, וואָס זי האָט אונדז געשיקט די דאָזיקע פאָטאָגראַפיע, כאָטש אַזוי האָבן מיר איר וואַרעם גראַטולירט און איר געווונטשן אַ גליקלעך לעבן מיט איר באַשערטן.

אומגעפער צוויי יאָר נאָך דער חתונה באַקומען מיר אַ בריוו פון דער קרובה אין וועלכן זי בעט אונדז מיר זאָלן איר שיקן אַ יידישן לוח. די זאַך איז די: פרידריך (אַזוי הייסט דער מאַן) וויל אויסרעכענען אין וועלכן טאָג עס געפאַלט 21 טאָג אין שבט, ווען זי האָט יאָרצייט נאָך דער מאַמען, און ווען — 14 טאָג אין חודש אלול — ווען זי האָט יאָרצייט נאָכן טאַטן... זי אַליין — שרייבט זי — קען זיך נישט אויס אין די העברעאישע אותיות, אָבער פרידריך קען זיך יאָ אויס. אין טאָג פון דער יאָרצייט — שרייבט זי — טראָגט פרידריך ליכט אין שול אַריין און באַשטעלט פאַר איר אַ קדיש־זאָגער...

איבערלייענענדיק אַזאַ בריוול, זענען מיר שטיין געבליבן מיט אָפענע מיילער... מיר האָבן איר פֿאַרשטייט זיך, תיכּף אַוועקגעשיקט אַ לוח.

מיט אַ שטיקל צייט שפּעטער האָבן מיר פֿון אונדזער קרובה באַקומען אַן אײנלאַדונג צו דער „טאַופֿע" פֿון איר קליינעם קריסטל (קריסטיאַן), וואָס וועט פֿאָרקומען אין דער און דער קירך. און מיט עטלעכע חדשים שפּעטער האָט זי אונדז אין אַ בריוו מיט־געטיילט, אַז פֿרידריך האָט שוין געקויפֿט פֿאַר זיך און פֿאַר איר בילעטן צו... כּל נדרי.

דאַן איז געקומען דער גרויסער מבול וואָס האָט אַלץ פֿאַר־פֿלייצט, צעטיילט. ערשט נאָכן קריג האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז אונדזערע קרובים זענען רעכטצייטיק אַנטלאָפֿן קיין שווייץ. נאָך דער מלחמה האָבן זיי זיך אומגעקערט קיין דייטשלאַנד. דער זון איז אַוועק קיין אַמעריקע און איז שוין דאָרט געבליבן וווינען.

עטלעכע טעג פֿאַר דעם היי־יאָריקן פּסח האָט אונדז נאָראַ באַזוכט. נאָך אַ פֿערציק יאָריקן ווידערזען האָט מען זיך געהאַט אַ סך צו דערציילן. וואָס מיך האָט אין דער ערשטער ריי אינטערעסירט, איז געווען די מאָדנע גורישקייט פֿון איר מאַן, וועלכער, דאָ פֿראַוועט ער אַ „טאַופֿע" פֿון זיין קינד אין דער קירך און דאָ באַשטעלט ער אַ קדיש־זאָגער צום יאָרצייט פֿון די עלטערן פֿון זיין געשמדטער פֿרוי.

— מיין מאַן איז אַ פֿרומער קאַטאָליק — האָט מיין קרובה געזאָגט — אָבער ער היט אויך אָפּ אַ סך יידישע דינים און יום־טובים. פּסח פֿעלט ביי אונדז נישט קיין מצות. פֿרידריך האָט אויך אַן הגדה של פּסח מיט דייטשער איבערזעצונג. און צוזאַמען מיט דער יאָלקע אין ווייַנאַכטן, צינדט ער אויך אַן חנוכּה־ליכטלעך אין אַ טייערן אַנטיקוואַרישן חנוכּה־לעמפּל, וואָס ער האָט דערוואָרבן. פֿרידריך האַלט, אַז אָן יידישקייט האָט די קריסטלעכע רעליגיע נישט קיין זין, איז ווי אַ בוים אָן וואָרצלען. אַ פֿרומער קאַטאָליק,

זאָגט ער, קאָן זיין נאָר דער, וואָס אָנערקענט און היט אָפּ די עיקרים פון דער יידישער רעליגיע, ווען נישט גרינגטלעך, אַזוי כאָטש סימבאָליש, קריסטנטום אָן יידישקייט אָדער פאַרקערט, האַלט ער, זענען האַלבקייטן. האָט דאָך ישו בפירוש געזאָגט, אַז ער קומט נישט שמעלערן עפּעס פון תורת משה, נאָר אַדרבה, ער קומט זי נאָך מער באַפעסטיקן.

מיר זענען געזעסן אין קרייז פון דער גאַנצער פאַמיליע און אויס־געהערט די רייד פון אונדזער קרובה וועגן דער „סינטעטישער קאַ־טוילישקייט" פון איר מאַן. איך האָב געטראַכט: אויב עס איז שוין באַשערט אַז אַ יידישע טאָכטער זאָל זיך שמדן, אַזוי וואָלט מען איר געדאַרפט ווינטשן, אַז זי זאָל אויך אָנטרעפן אויף אַ גוי, וואָס גייט יום־כיפור אין שול אַריין און זאָגט פּסח די הגדה...

# שפּעטער זומער

מ׳דערציילט, אַז אויף דער מסיבה לכבוד דער באַרימטער שוועדישער שרייבערין זעלמאַ לאַגערלעף צו איר 80־סטן געבוירנטאָג, האָט זיך צו איר געווענדט אַ זשורנאַליסט מיט די ווערטער: ביי אייערע יאָרן, וועט איר צום בעסטן קאָנען ענטפֿערן אויף דער פֿראַגע: ווען הערט אויף די עראָטיק ביי דער פֿרוי?

די באַרימטע זקנה האָט נישט טראַכטנדיק קיין סך געענטפֿערט: דאָס דאַרפֿט איר פֿרעגן ביי אַן עלטערער פֿון מיר...

אַזוינע און אַנדערע פֿראַגן פֿון דעם מין וואָלטן אַנגעשטעלטע אין מושב־זקנים־הייזער נישט געקענט פֿרעגן. אַ פּשוטע אויפֿרוימערין פֿון אַן אַנשטאַלט, ווו עס לעבן זקנים און זקנות, האָט מער דערפֿאַרונג אין „אַזוינע זאַכן״ ווי דער בעסטער סעקסואַל־פּסיכאָלאָג. זי, די באַדינטע, ווייסט פֿון איר פּראַקטיק אַז די עראָטיק ביי דעם מאַן אָדער פֿרוי הערט קיין מאָל נישט אויף.

יונגע מענטשן קוקן אויף אַזוינע פּאַרליבטע ווי אויף עפּעס אויסטערלישס, קאָמישס. אָבער אין דער נאַטור איז נישט פֿאַראַן קיין אויסטערלישס. אַלץ וואָס לעבט, האָט זיין לעבנס־באַרעכטיקונג, איז נאַטור־געזעץ. די ליבע פֿון אַן 18 יאָריקן פֿליסט אַרויס, פּונקט ווי די ליבע פֿון אַן 80 יאָריקן, פֿון דעם זעלבן אורקוואַל — די עראָטיק. עס זענען בלויז פֿאַראַן אונטערשידן אין די פֿאַרבן־ניואַנסן, אין טעמפּעראַטור־גראַדן.

סאָניאַ, מיין פֿלימעניצע, האָט אַנומלט באַזוכט אין אַ מושב־זקנים אַ זקנה וואָס שטאַמט פֿון אונדזער היימשטעטל. איך קען זי נאָך פֿון אירע יונגע יאָרן. זי איז געווען אַ רייך און לוסטיק מיידל, באַקאַנט אין שטעטל ווי אַ שפּעטערין און חוזק־מאַכערין. היינט איז איר קאָפּ גראָ און דאָס פּנים געקנייטשט. בלויז אויף

אירע ליפּן באַווייזט זיך נאָך צומאָל דאָס חוזק־שמייכל פון אַ מאָל.
און צו אַזוינע שמייכלען גיט דאָס מושב זקנים גענוג געלעגנהייט.
דערציילט סאָניאַ:

ר. פירט מיך אַרום איבער דעם אַנשטאַלט. ווייזט מיר די
כאַרשידענע אָפּטיילונגען. זי ווייזט מיר די צימערן ווו עס וווינען
די מענער, די פרויען, די פאַרהייראַטע פּאָרלעך.

— דו זעסט די פרוי? — ווייזט זי מיר אויף אַ זקנה, און
אויף אירע ליפּן שפּילט דערביי דער חוזק־שמייכל פון די יונגע
יאָרן — זי איז שטערבלעך פאַרליבט אין אָט דעם יונגנמאַן —
ווייזט זי מיר אויף אַ ווייסקעפּיקן זקן — אָבער דער „יינגלינג"
ליבט אַן אַנדערע, און די אַנדערע — ווידער אַן אַנדערן. און „דאָס
איזט איינע אַלטע געשיכטע אונד בלייבט דאָך אימער נוי". הייגע
האָט דאָס געוווּסט, כאָטש זיינע יינגלינגעס זענען נישט געווען קיין
איינוווינער פון מושב־זקנים הייזער...

גייענדיק מיט מיר איבער דער ברייטער און לאַנגער טעראַסע,
„באַקענט" מיך מיין באַקאַנטע מיט אַ סך ליבע־פּאָרלעך. אָבער
אָט קומט זי צו צו אַ ווינקל, ווו ביי אַ טישל שטייען צוויי בענקלעך
אָנגעלענט אָן טישל, ווי רעזערווירט פאַר עמעצן. דאָ בלייבט מיין
באַקאַנטע שטיין. איר פּנים פאַרענדערט זיך מאָמענטאַל. עס ווערט
ערנסט. זי שטייט אַ ווײַלע שטיל. דאַן רופט זי זיך אָן צו מיר:

— דו זעסט אָט דאָס ווינקל און די אָנגעלענטע צוויי בענקלעך?
אַזוי שטייען זיי שוין עטלעכע וואָכן און קיינער רירט זיי נישט
פון אָרט. און קיינער וואגט זיך נישט אויף זיי צו זעצן, ווי נישט
צו פאַרשוועכן ד'עם אָנדענק פון די, וואָס זענען אויף זיי געזעסן
און וועלן אויף זיי שוין מער נישט זיצן. — און מיין באַקאַנטע
דערציילט מיר די געשיכטע פון די צוויי.

ווען ער איז אַהער געקומען איז ער אַלט געווען 70 יאָר,
און זי — 62. זיי האָבן זיך באַלד באַקענט. עס האָט אויסגעזען,
ווי זיי וואָלטן ביידע אַהער געקומען מיט דעם איינציקן צוועק,

זיך דאָ צו טרעפֿן, צו געפֿינען וואָס יעדער פֿון זיי האָט אַ לעבן לאַנג געזוכט. ער האָט אַ סך יאָרן געלעבט מיט אַ פֿרוי. געהאַט מיט איר קינדער. אָבער דאָס וואָס מען רופֿט „זיווג", וואָס עס הייסט צוויי גופֿים און איין נשמה, דאָס האָט ער ערשט דאָ, אויף דער עלטער, געפֿונען. און אָט איז איר געשיכטע:

זי האָט יונג חתונה געהאַט. עטלעכע חדשים נאָך דער חתונה האָט זי איר מאַן אָנגעזאָגט די גליקלעכע בשורה, אַז זי טראָגט זיין קינד אונטערן האַרצן. און בלויז מיט עטלעכע טעג שפּעטער איז געשען דאָס, וואָס האָט פֿאַרחתמעט איר גורל: זי האָט איבער־ראַשט איר מאַן מיט אַ צווייטער יונגער פֿרוי. אַז זי איז צו זיך געקומען פֿון דעם שאָק, איז זי אַנטלאָפֿן צו די עלטערן, זיי דערציילט וואָס עס איז געשען און זיי מיטגעטיילט איר באַשלוס: צו פֿאָדערן תיכף אַ גט פֿון איר מאַן. די עלטערן האָבן זי באַשווירן דאָס נישט צו טאָן. נישט צו מאַכן איר קינד פֿאַר אַ לעבעדיקן יתום. זיי האָבן דעם פֿאַל נישט גענומען אַזוי טראַגיש ווי די טאָכטער. זי האָט געמוזט נאָכגעבן די עלטערן. זי האָט מיטן מאַן ווייטער געלעבט, אָבער נאָר לפֿנים, פֿאַר דער וועלט, און שפּעטער — פֿאַרן קינד, דעם מיידעלע. אין דער אמתן איז זי פֿון אים געווען אָפּגעטיילט. זי האָט שווייגנדיק און מיט ווערדע געטראָגן איר גורל. די טאָכטער האָט נישט געטאָרט וויסן אַז דאָס פֿאַר־העלטעניש צווישן די עלטערן איז נישט קיין נאָרמאַלע. אַזוי זענען פֿאַרגאַנגען יאָרן. דאָס מיידעלע איז גרויס געוואָרן, האָט חתונה געהאַט. אויסגעוואַנדערט אין אַ ווייטער מדינה. איצט איז זי גע־בליבן אַליין. ווידער זענען יאָרן פֿאַרגאַנגען. דער מאַן איז קראַנק געוואָרן און געשטאָרבן. זי איז געקומען קיין ישראל. איז אַריין אין דעם דאָזיקן אַנטשטאַלט. פֿון דער ערשטער רגע ווי זי האָט זיך מיט אים באַקענט, איז ער געוואָרן דער זין און דער אינהאַלט פֿון איר לעבן. ווי פֿרישע גרינע צווייגלעך־שפּראָצונגען אויף אַן אָפּגעדאַרטן בוימשטאַם, אַזוי האָט איר אָפּגעשטאָרבן לעבן אָנגעהויבן

אויפסניי אויפבליען, אויפלעבן. אויף אָט די בענקלעך זענען זיי שעהען לאַנג געזעסן, שעהען לאַנג געשמועסט, און אויך דאָס שעהען־לאַנגע שווייגן איז געווען אַ רעדן, אַ זיך פאַרשטענדיקן אָן ווערטער.

זעקס יאָר האָט געדויערט דאָס פאַרהעלטעניש. דער סוף איז פלוצלונג און גיך געקומען. ער איז קראַנק געוואָרן. נישט לאַנג געלעגן ביז ער איז געשטאָרבן. ביי זיין טויט האָט זי נישט געוויינט. אַ שווייגנדיקע, מיט צונויפגעפרעסטע ליפּן האָט זי זיך אומגעקערט פון דער לוויה. צו די שלושים נאָך זיין טויט, האָט מען אויך זי צו קבורה געבראַכט. זי האָט איינגענומען די בויטיקע צאָל פילן.

ביי איר בעט איז געלעגן אַ בריוול. זי האָט געשריבן, אַז אָן אים האָט איר לעבן מער נישט קיין זין, קיין צוועק. און ווייטער האָט זי געשריבן, אַז די זעקס יאָר מיט אים זענען געווען די שענסטע אין איר לעבן. און געבעטן האָט זי, אַז מען זאָל זי קובר זיין לעבן אים. איר לעצטן ווונטש איז דערפילט געוואָרן, כאָטש זיי זענען נישט געווען פאַרהייראַט כדת וכדין.

די דאָזיקע געשיכטע האָט מיך אַזוי באַאיינדרוקט, אַז איך האָב זי געמוזט אָנשרייבן. איז דאָך דאָס דער דאַנקבאַרסטער שטאָף פאַר אַ גרויסער דערציילונג, און אַפילו פאַר אַ ראָמאַן.

# די לייכטזיניקע

די הויז־געזעלשאַפט וואָס איז באַשטאַנען פון מענער און פרויען אין מיטעלען עלטער, האָט אין איר אונטערהאַלטונג באַרירט פאַר־שידענע פראַגן. אין ערשטער ריי פאַרשטייט זיך די אַקטועלסטע, ברענענדיקסטע — וועגן אונדזער מלחמה־מצב מיט די שכנים, וועגן די געשעענישן ביי די גרעניצן. אין דעם דאָזיקן שמועס האָבן זיך דער עיקר באַטייליקט די מענער. דאַן איז מען אַריבער צו פראַגן פון אַן אַלגעמיין געזעלשאַפטלעכן כאַראַקטער. פון דאַנען איז דער שמועס ווי פון זיך אַליין אַריבער צו הויז־און פאַמיליע־פראָבלעמען. דאָ זענען שוין די פרויען געווען ביי זיך אין דער היים... מען האָט גערעדט וועגן דער ראָל פון דער פרוי אין דער געזעלשאַפט און אין דער פאַמיליע אַמאָל און היינט, וועגן דעם פאַרהעלטעניש צווישן מאַן און ווייב אין די אַמאָליקע און היינטיקע צייטן.

גאָר לעבעדיק איז דער שמועס געוואָרן, ווען אַ פרוי האָט דערמאָנט דעם נאָמען פון דער יונגער אלמנה ב., וועלכע די מייסטע פון די אָנוועזנדיקע האָבן גוט געקענט. פאַר אַלע באַקאַנטע איז אָט די בילד שיינע פרוי געוואָרן אַ רעטעניש.

אָט די יונגע אלמנה, וואָס האָט ביים לעבן פון איר מאַן געלעבט אַ פרייִ לעבן, אים אויף שריט און טריט פאַרראַטן, האָט זיך נאָכן מאַנס טויט געביטן אויף נישט צו דערקענען. נישט נאָר וואָס זי קוקט איצט נישט אָן קיין מאַן, נאָר זי גייט יעדן צווייטן — דריטן טאָג צום מאַנס קבר מיט אַ פרישן בוקעט בלומען. שוין דאָס דריטע יאָר נאָך זיין טויט, אָבער ביי איר בעט שטייט נאָך אַלץ די איינ־געראַמטע פאָטאָגראַפיע פון מאַן.

— וואָס דאַרפט איר מער — האָט זיך אָנגערופן אַ פרוי — ביי יעדן יאָרצייט באַשטעלט זי אַ קדיש־זאָגער און טראָגט ליכט

אין שיל אַריין, זי, וואָס איז אין גאַנצן אַ פרייע און האָט קיין מאָל נישט אַריבערגעטרעטן די שוועל פון אַ שיל.

— ווי אַזוי זשע זאָל מען זיך דאָס דערקלערן? אַ פרוי וואָס האָט דעם מאַן נישט אָנגעקוקט, וואָס האָט הינטער זיינע פּלייצעס געפירט אומצייליקע ליבעלייען, זאָל זיך איצט אַזוי אָוועקלייגן צוליב זיין טויט, זיך גאָרנישט קאָנען טרייסטן, לעבן ווי אַ נאָנע.

— געוויסנסביסן?

— איך האַלט אַז נישט געוויסנסביסן איז דער הויפּט־גורם פון אָט דער ענדערונג — האָט זיך אָנגערופן אַ מאַן, וועלכער האָט זיך שווייגנדיק צוגעהערט צו דעם גאַנצן שמועס — איך טייטש די דאָזיקע ענדערונג אַנדערש אויס. איך מיין אַז די ליבע צו איר מאַן האָט ביי דער דאָזיקער פרוי תמיד געלעבט, אומבאַוווּסט פאַר איר אַליין. די ערד וואָס האָט צוגעדעקט איר מאַן, האָט אין דער זעלבער צייט אויפגעדעקט די טיפע וואָרצלען, וואָס האָבן זיך, אונטערערדיש, געצויגן פון איר צו אים. אַז אַזוינע וואָרצלען ווערן אָפּט אויפגעדעקט ווען ס'איז צו שפּעט, איז דאָס די טראַגעדיע פון די באַטרעפנדיקע.

— און דאָס וואָס זי האָט מיט אירע ליבעלייען אויפגעריסן די אויגן פון אַ וועלט מיט מענטשן?

— איז געווען שפּיל.

— פאַרראַטן אַ מאַן — שפּיל?!

— יאָ. פאַראַן כלערליי שפּילן: שפּיל צוליב לאַנגווייליקייט, צוליב באַטויבונג, צוליב ליידנשאַפט. און שפּיל לשם שפּיל, לשם ספּאָרט... צו וועלכער פון די קאַטעגאָריעס אייער באַקאַנטע זאָל נישט געווען געהערן, איז דאָס אַלץ געווען שפּיל.

— אויב שפּיל, איז דאָס אַ זייער ערנסטער געווען!

— עכטע שפּילן זענען תמיד ערנסט. האָט איר זיך אַ מאָל צוגעקוקט צו קינדער־שפּילן? ווי זיי צעשלאָגן זיך אָפּט ביז בלוט ביים שפּיל? און כאָטש דער שפּיל איז אין דעם קינדערישן

באַוווסטזיין אַ רעאַליטעט, אַן אמת, ווייסן זיי אָבער און פילן גלייכצייטיק, אַדאַנק אַן אַנדערן, פיל טיפערן באַוווסטזיין, אַז ס'איז פּאָרט בלויז שפּיל. אַ סימן: זאָל למשל אָנקומען אַ הונט, אָדער אַ כאַפּטע שקצים וואָס באַדראָען זיי, ווערט איר זען, ווי דער „קעניג" און די „גענעראַלן" און די „זעלנער" וואָס קעמפן קעגן „שונא", — ווי זיי אַלע ווערן אין איין רגע ווידער קינדער און צעלויפן זיך, יעדער אין זיין היים אַריין, צו זיין מאַמע...

— דער טויט פון אייער באַקאַנטערס מאַן האָט ברוטאַל צעשטערט איר שפּיל. איז זי אַנטלאָפן „אַהיים", צו איר טויטן מאַן, דעם מאַן, פון וועלכן זי איז אין דער אמתן קיין מאָל נישט אַוועק, וועלכן זי האָט אין דער טיפעניש פון איר געפיל קיין מאָל נישט פאַרראַטן...

יצחק פאַנער

# די פאָלקס־דייטשע עליזאַבעט שולץ און איר חתן פריץ קערנטנער

די שטאָט טשערנאָוויץ איז געווען אַן עכט יידישע שטאָט, אויפ־געבויט פון יידן, באַווינט פון יידן און רעגירט דורך יידן. אַי, ס׳האָבן זיך אין צענטער פון שטאָט אויך „פאַרוואַלגערט" עטלעכע גויִים? — וואָסזשע האָט מען געקענט טאָן, מ׳איז דאָך פאָרט געווען אין גלות...

צווישן אַזעלכע „פאַרוואַלגערטע" גויִים האָט זיך אויך געפונען דער דייטשער שוסטער אַנטאָן שולץ. ער האָט געווווינט אין דער סאַמע יידישער געדיכטעניש פון טשערנאָוויץ — אין דער סינאַגאָגן־גאַס. אויסערלעך האָט זיך אַנטאָן שולץ מיט גאָרנישט אונטערגעשיידט פון זיינע „פאָלקס־גענאָסן" פון ראָש *, געהאַט דאָס זעלבע „בראַווע" (ד. ה. נישט באַזונדערס גייסטרייך) פנים און גערעדט דעם זעלבן דייטשן דיאַלעקט פון זיינע ראָשער שוואָבן, דאַקעגן איז געווען אַ גאָר גרויסער סאָציאַלער און געזעלשאַפטלעכער חילוק צווישן אַנ־טאָנען און זיינע ראָשער לאַנדסלייט.

די ראָשער שוואַבן (ריכטיקער — די שוואָבקעס) פלעגן יעדן פרימאָרגן אַריינפאָרן אין שטאָט אַריין מיט זייערע גרויסע וועגענער, אָנגעלאָדן מיט דער ברכה פון זייערע פעטע פעלדער, זייערע צייטיקע סעדער. די ראָשער שוועבישע פוטער און קעז האָבן געהאַט אַ שם אין גאַנץ גרויס־רומעניע. אַנטאָן שולץ אָבער האָט געהאַט אַ שוסטער־װערקשטעלעכל אין זיין קליינער קעלער־ווױנונג פון דער יידישער גאַס. אַ גאַנצן טאָג איז ער געזעסן אויף זיין נידעריקן שוסטער־בענקעלע, אָנגעטאָן אין זיין גלאַנצנדיק־ברודיקן פאַרטעכל און אַריינ־

* אַ טשערנאָוויצער פאָרשטאָט, באַוווּנט פון דייטשע לאַנדווירטן.

געקלאַפּט הילצערנע פּלעקלעך אין אַלטע שיך. ער האָט געלעבט צווישן יידן און פון יידן.

אַנטאָן שולץ האָט געהאַט אַ טאָכטער. מאַריאַ האָט געהאַט דעם פאָטערס בלאָנדע האָר און זיינע בלאָע אויגן. אָבער אין קעגנזאַץ פון פאָטער, איז די טאָכטער געווען קלוג און אינטעליגענט. אין דעם מאָדע־געשעפט, ווו מאַריאַ האָט געאַרבעט, האָט זי געהאַט יידישע קאָלעגינס. איינע פון זיי האָט זי אַריינגעפירט אין דער אומלעגאַלער קאָמוניסטישער פאַרטיי. די מיטגלידער פלעגן זיך צונויפקומען יעדעס מאָל אין אַן אַנדערער ווינונג פון אַ חבר אָדער חברטע. מאַריאַן האָט מען אין דער פאַרטיי (וואָס איז באַשטאַנען פון לויטער יידן) ממש אויף די הענט געטראָגן, נישט אַזוי צוליב אירע קאָנספּיראַטיווע אויפטוען, ווי צוליב איר גוייִשקייט. האָט זי דאָך ווי די איינציקע קריסטין געכשרט די פאַרטיי פון יידישקייט, איר געגעבן דעם אמתן חותם פון אינטערנאַציאָנאַלקייט...

אַ גאַנץ באַזונדערע אויפמערקזאַמקייט האָט מאַריאַן אַרויסגעוויזן דער גענאָסע מאַרטשעל. מאַרטשעל כיימאָוויטש האָט געשטאַמט פון רעגאַט * און איז געווען מאַטריקולירט אויף דעם טשערנאָוויצער אוניווערזיטעט. זיין בגידישער און אַריסטאָקראַטישע אָפּשטאַם איז געווען קענטיק נישט נאָר פון זיין קליידונג, נאָר אויך פון זיין יעדער באַוועגונג. אַחוץ דעם איז מאַרטשעל געווען אַ שיינער בחור. נישט איין חברטע איז תמיד גרייט געווען זיך בכיוון צו פאַרשפּעטיקן ביז אין טיפער נאַכט אַריין אין זיין בחוריש מעבלירט צימערל, וואָס האָט געהאַט אַ באַזונדערע טיר...

נאָר כיימאָוויטשן האָט דווקא געלאָקט די בלאָ־אויגיקע שוסטער־טאָכטער. גראָד דער קאָנטראַסט פון קלאַס און ראַסע האָט פאַר אים געהאַט אַ באַזונדערן רייץ. ס'האָט נישט לאַנג געדויערט און כיימאָ־וויטש און מאַריאַ האָבן זיך פאַרשריבן ווי מאַן און ווייב. נאָכן יאָר

---

* דאָס אַלטע קעניגרייך, אַלט־רומעניע.

האָט מאַריאַ געבוירן אַן „אינטערנאַציאָנאַל" מיידעלע. מ׳האָט איר אַ נאָמען געגעבן עליזאַבעט, און גערופן האָט מען זי ליזל. פּונקט ווי מאַריאַ צו איר דייטשן פאָטער, איז ליזל אין גאַנצן ענלעך געווען צו איר יידישן פאָטער. זי האָט געהאַט זיינע שוואַרצע האָר, זיינע ברוינע לעבעדיקע אויגן, זיין יידישע נאָז.

אַז ליזל איז אַלט געווען 10 יאָר, איז דער פאָטער אירער אין אַ שיינעם טאָג אַוועק פון דער שטוב און איז שוין מער נישט צוריקגעקומען. אַלע נאָכפאָרשונגען האָבן צו גאָרנישט דערפירט. כּיימאָוויטש איז ווי אין וואַסער אַריין. ס׳זענען וועגן אים אַרומגעגאַנגען פאַרשידענע קלאַנגען, אַז ער איז אַוועק קיין אַמעריקע מיט אַ רייכער פאַרהייראַטער פרוי, אַז ער איז געווען אַ פּראָוואָקאַטאָר און פילנדיק, אַז מען האָט אים אָנגעהויבן פאַרדעכטיקן, איז ער רעכטצייטיק אַנטלאָפן און אַנדערע קלאַנגען. מאַריאַ האָט פאַרביסן דעם ווייטיק און די בושה, אָנגעהויבן אַרבעטן, כּדי צו דערנערן און דערציִען איר קינד.

נאָכן פאָטערס פאַרשווינדן, האָט ליזל אָנגעהויבן פיינט האָבן איר מוטערס פאַרטיי־חברים. די דאָזיקע שנאה איז אין איר געוואַקסן צוזאַמען מיט דער שנאה צום פאָטער, און האָט זיך ביסלעכווייז פאַרוואַנדלט אין אַ שנאה צו — יידן.

יאָרן זענען געגאַנגען. און ווען די רויטע אַרמיי איז אין זומער 1940 אַריין קיין טשערנאָוויץ, איז ליזל שוין אַלט געווען 17 יאָר. באַקענענדיק זיך נענטער מיט די רויטע, האָט איר שנאה צו די קאָמוניסטן געשלאָגן טיפערע וואָרצלען, באַקומען אַ באַרעכטיקונג, און קאָמוניזם איז ביי איר געוואָרן אידענטיש מיט יידנטום און אַוודאי אידענטיש אויך מיט יענעם ייד, וואָס האָט פאַרלאָזט זיין פרוי און זיין צען יעריק קינד...

נאָך אַ יאָר זענען די רוסן אַוועק פון טשערנאָוויץ און עס האָט אַריינמאַרשירט די רומענישע אַרמיי, צוזאַמען מיט די דייטשן. איבער טשערנאָוויץ האָט געפלאַטערט די האַקנקרייץ־פאָן. ליזל האָט געפילט

אַ נאָענטקייט צו אירע נאַצישע „פֿאָלקס־דויטשע", זיך געפֿילט ווי איינע פֿון זיי, יאָ, זי וואָלט אַפֿילו נישט אָפּגעניייגט געווען מיט־צואַרבעטן מיט זיי. אָבער וואָס טוט זי מיט איר אויסזען? דעם נאָמען כיימאָוויטש האָט זי באַלד פֿאַרביטן מיטן נאָמען פֿון דער מוטער, מיט שולץ, אָבער ווי אַזוי פֿאַרבייט זי איר פּנים, וואָס פֿאַרראַט איר יידישע פֿיזיאָגנאָמיע פֿון אַ מייל דער ווייט?... און אַז זי האָט גע־טראַכט וועגן דעם, אַז מען קען זי גלייך מיט אַלע יידן רודפֿן, אַז מ'קען אויך זי צווינגען צו טראָגן דעם געלן צייכן, זי שלעפּן צו צוואַנגסאַרבעט, שיקן אין לאַגער אַריין — האָט זי אַ קאַלטער שווייס באַגאָסן. איז זי זעלטן אַרויס פֿון שטוב אָן דער מוטער. זיך רק גע־טוליעט צו איר, וועמענס אַרישקייט עס האָט נישט איבערגעלאָזט דעם מינדסטן צווייפֿל. אָבער קען מען דען אויף טריט און שריט מיטשלעפּן די מוטער ווי אַ שוץ?...

אין אָט דער צייט האָט זי זיך באַקענט מיט פֿריצן. דער דאָזיקער בלאָנדער יונגער דייטש איז איר שוין לאַנג אויפֿגעפֿאַלן. נישט איינ־מאָל, בעת זי איז געגאַנגען אין גאַס פֿלעגט ער איר נאָכקוקן, און אָפּט אַפֿילו נאָכגיין אַ שטיק וועגס. דאָס האָט אויף איר אָנגעוואָרפֿן אַ שרעק, זי איז זיכער געווען, אַז דאָס וויל ער זי איבערגעבן דער געסטאַפּאָ דערפֿאַר וואָס זי טראָגט נישט דעם שטערן. ערשט אַז זיי זענען שוין געווען באַקאַנט, האָט ער איר דערציילט, אַז שוין ביים ערשטן בליק האָט זי אים ווי פֿאַרכישופֿט, און ער פֿלעגט דאַן יעדן טאָג בלאָנקען איבער די גאַסן מיט דער האָפֿענונג זי צו טרעפֿן. ער הייסט פֿריץ קערנטנער. ער איז פֿון די קלוזשער דייטשן. דאָ אין טשערנאָוויץ אַרבעט ער אין אַ דייטשן אַמט.

כּדי ביי דעם יונגען דייטש נישט אַרויסצורופֿן דעם מינדעסטן חשד, האָט אים ליזל געפֿירט צו זיך אַהיים, כּדי אים פֿאַרצושטעלן פֿאַר איר מוטער... וואָרום ווען פֿריץ זאָל זיך חלילה דערוויסן פֿון איר יידישן טאַטן, וואָלט דאָס איצט פֿאַר איר געווען אַ טאָפּלט אומ־גליק: זי האָט געפֿילט, אַז אָן אים קען זי שוין נישט לעבן — — —

אין דעם זעלבן טאָג, ווען די דייטשן זענען אין אַ ווילדער בהלה אַנטלאָפן פון טשערנאָוויץ און די ערשטע רוסישע פּאַטראָלן האָבן זיך באַוויזן אין שטאָט, האָט פריץ קערנטנער מגלה געווען זיין כלה דעם סוד: אַז זיין אמתער נאָמען איז נישט פריץ נאָר — אפרים, און זיין אמתער פאַמיליע־נאָמען נישט קערנטנער נאָר שעכטער און אַז ער שטאַמט טאַקע פון זיבנבירגן, אָבער נישט פון פאָלקס־דייטשן, נאָר פון יידישע פרומע עלטערן. און אַ דאַנק זיין עכט אַריש פנים האָט ער זיך געקענט פריי באַוועגן ווי אַ דייטש. און איצט — האָט ער גערעדט מיט אַ ציטערדיקער שטימע — זאָל ליזל באַשליסן, צי זיין יידישקייט איז פאַר איר נישט קיין מניעה, און אויב יאָ, מוזן זיי זיך פונאַנדערגיין, וואָס דאָס וואָלט פאַר אים געווען אַן אמתער אומגליק!

דעמאָלט האָט ליזל שוין קיין אַנדער ברירה נישט געהאַט, ווי אַנטפּלעקן אויך אים איר סוד, ווייל די ליבע צו אים האָט אין איר פאַרלאָשן אַלע פיינטלעכע געפילן צו יידן — — —

אַנטקעגן וואָס איך האָב היינט די דאָזיקע מעשה דערציילט? ווייל איך האָב מיך גראָד די טעג געטראָפן מיט די שעכטערס אין דער „הבימה". ביי „חנה סענעש". זיי האָבן צוויי סאַברעס: אַן עלף־יעריק יינגל רוני, און אַן 8־יעריק מיידעלע, אביה, און זי, די גב' שעכטער איז זייער געשעצט און באַליבט אין איר שכונה (אין דער סביבה פון תל־אביב) — ווי אַן אקטיווע טוערין פון „וויצאָ".

אַז אפרים רופט זי אַמאָל אין שפּאַס „גויע" — דערציילט זי מיר — נעמט זי אים אָן ביים אויער, שלעפּט אים צו צום שפּיגל און זאָגט:

— אַנו, טו אַ קוק, ווער פון אונדז איז דער גוי און ווער די עכטע יידישקע...

# דער טעריטאָריאַליסט

ווען געגוי דאָס דאָזיקע לעקסיקאָן־חולאת האָט זיך צו אים צוגעטשעפּעט, געדענקט אפילו נישט זיין פרוי. אין דער ערשטער צייט איז דאָס קיינעם נישט אויפגעפאַלן, נאָר וואָס אַמאָל איז דאָס אַלץ ערגער געוואָרן, און דאָס וואָס מען האָט תחילת געהאַלטן פאַר אַ פשוטער „האָבי", האָט זיך ביסלעכווייז אַנטוויקלט צו אַ מין נאַרקאָטישן שיכרות, וואָס האָט אים אין גאַנצן באַהערשט, פאַרשלונגען.

פאַר מיר, וואָס האָט געהערט צו די נאָענטסטע הויזפריינד, פלעגט זיך זיין פרוי באַקלאָגן: מעג אַפילו די שטוב ברענען, זעט ער גאָרנישט און הערט גאָרנישט, נאָר זיצט איבער זיינע לעקסיקאָנען און געאָגראַפישע אַטלאַסן ווי אַ האַזאַרד־שפּילער איבער זיינע קאָרטן.

ווי נאָר פעלדמאַן קומט אַהיים פון זיין אַרבעט, עסט ער גיך אָפּ, פאַרמאַכט זיך תיכף אין זיין צימער, נעמט אַרויס פון ביכער־שאַנק גראָבע לעקסיקאָנען און פאַרשידענע געאָגראַפישע מאַפּעס און אַטלאַסן און נעמט זיך שטודירן קלימאַט, פלאָרע, פאונע און באַפעלקערונג פון פאַרשידענע ווייטע לענדער.

די טעריטאָריע וואָס פעלדמאַן האָט נאָך לאַנגע זוכענישן פאַר זיך אויסגעקליבן האָט קודם־כל געדאַרפט זיין ווייט, וואָס ווייטער פון אַ ציוויליזירטן ישוב. פאָרגעצויגן האָט ער אַ קליין אינדזעלע, וואָס זאָל זיך געפינען ערגעץ אויף איינעם פון די גרויסע אָקעאַנען. דער קלימאַט פון יענעם אינדזעלע האָט געדאַרפט זיין אַ געזונטער, אַ מילדער, אַן אייביקער פרילינג זאָל דאָרט הערשן. און די באַפעלקערונג האָט געדאַרפט זיין נישט נאָר אַ פרימיטיווע, נאָר אַ האַלבווילדע, אָבער אַ פריידלעכע, אַ גוטמוטיקע. זיי מעגן וויסן

אַז ערגעץ ווייט פון זיי איז פאַראַן אַ גרויסע וועלט, זיי טאָרן אָבער פאַר קיין פאַל נישט וויסן ווי אַזוי די דאָזיקע וועלט זעט אויס...

יאָ, פרידלעך און גוטמוטיק דאַרפן יענע האַלבווילדע אינזולאַנער זיין, אַזוי, אַז ווען צו זיי זאָל קומען אַ משפחה מיט עטלעכע מענטשן מיט אַן אַנדער הויטפאַרב, אַן אַנדער פנים און אַן אַנדער לשון זאָלן זיי די פרעמדע אויפנעמען פריינדלעך.

און אַז פעלדמאַן האָט אין איינעם פון זיינע גראָבע אַלטע לעקסיקאָנען (צו קיין נייע האָט ער נישט געקאָנט קומען, האָט ער געקויפט אויף קליינע ראַטעס־אָפּצאָלונגען לעקסיקאָנען, וואָס די יינגסטע פון זיי זענען שוין אַלט געווען 50—60 יאָר), — אַז ער האָט אין אַזאַ לעקסיקאָן געפונען אַזאַ אינדזעלע, האָט ער אין דעם בלאַט געמאַכט אַ קנייטש און זיך גענומען זוכן דעם אינדזל אויף דער מאַפּע. דאָס איז אָבער נישט מעגלעך געווען צו געפינען מיטן פרייעם אויג. ערשט מיט דער הילף פון אַ פאַרגרעסערונגס־גלאָז האָט ער געפונען אַ קליינעם פונקט אין ים און אונטער אים דעם נאָמען פון דעם אינדזעלע. האָט ער אים אונטערגעשטראָכן מיט אַ רויטער בלייער.

וועגן דער אַנטדעקונג פון דער דאָזיקער טעריטאָריע האָט קיין מענטש נישט געטאָרט וויסן, אַפילו נישט זיין פרוי: פרויען קאָנען נישט האַלטן קיין סוד — האָט ער געטראַכט — פריער אָדער שפּעטער קאָן זי זיך פאַר עמעצן אַרויסכאַפּן און עס קאָן באַלד ווערן אַ סוד פאַר גאַנץ בראָד. און איידער מען וועט זיך אומקוקן וועלן שוין אויף „זיין" אינדזעלע זיך געפינען עטלעכע צענדליקער יידישע קראָמען און עס וועט זיין אויס גן־עדן...

ווי אַזוי ער אַליין וועט זיך אַהין באַקומען? ווו וועט ער דערצו נעמען די מיטלען? צי וועט מען אים פון דאַנען אַרויסלאָזן? און צי וועט מען אים אַהין אַריינלאָזן? וועגן די אַלע זאַכן האָט ער נישט געטראַכט. עס איז אים אויך נישט וויכטיק געווען. דער עיקר

איז אים ממש געגאַנגען אין לעבן, אַז קיין מענטש זאָל זיך וועגן דעם סוד נישט דערוויסן; אַז ער זאָל וויסן אַז ערגעץ אין פּאַראַן פאַר אים און זיין פאַמיליע אַ רויקע און זיכערע טעריטאָריע. דאָס אַליין האָט אים באַרויקט, געגעבן גלייכגעוויכט, אינהאַלט. האָט ער געהיט זיין סוד ווי אַן אויג אין קאָפּ.

איין מאָל האָט געטראָפן אַ זאַך, וואָס האָט פעלדמאַנען אַזוי צעבראָכן און אויפגעטרייסלט, אַז ער האָט אַ לאַנגע צייט נישט געקאָנט צו זיך קומען: לייענענדיק אַ מאָל אַ צייטונג, איז זיין אויג געפאַלן אויף אַ קליינינקער ידיעה, אַ נאָטיץ, וועלכע קיינער האָט אַפילו נישט באַמערקט. אַזוי אומוויכטיק איז זי געווען פאַרן היימישן לייענער. אין דער נאָטיץ האָט זיך דערציילט, אַז אויף דעם אינדזל (און דאָ איז אָנגערופן געוואָרן דער נאָמען פון „זיין" אינדזל) — האָט ביי די לעצטע פּאַרלאַמענט־וואַלן די דעמאָקראַטישע פּאַרטיי, אונטערגעשטיצט פון די לינקע פּאַרטייען, באַקומען די אַבסאָלוטע מערהייט.

די דאָזיקע ידיעה האָט אים אין גאַנצן צעבראָכן. ער האָט דעם קלאַפּ אַ לאַנגע צייט נישט געקענט איבערוויטיקן. דער ווייטיק איז ענלעך געווען צום ווייטיק פון אַ פאָטער, וועלכער דערוויסט זיך, אַז זיין געליבטע איינציקע טאָכטער, וועלכע ער האָט געהאַלטן פאַר אַ ריינע, כשרע און פרומע נשמה, האָט אים די גאַנצע צייט גענאַרט: אַז הינטער זיינע אויגן פירט זי אַן אויסגעלאַסן לעבן...

ס'האָט לאַנג געדויערט ביז ער האָט זיך ווידער געקאָנט נעמען צו זיינע מאַפּעס און לעקסיקאָנס, ביז ער האָט זיך גענומען זוכן אַ פרישע טעריטאָריע.



אין לאַנד אַריין זענען די פעלדמאַנס געקומען אין די האָניק־וואָכן פון דער מדינה. (איך בין געקומען מיט עטלעכע וואָכן פאַר

זיי); איך האָב זיי אין יענע טעג באַגעגנט אויף אַלענבי־גאַס מיט נאָך צוויי לאַנדסלייט. נאָך די ערשטע באַגריסונגען, בין איך מיט דער פרוי פעלדמאַן געבליבן אַ ביסל פון הינטן. האָט זי מיר דערציילט, אַז איר מאַן איז גאָט צו דאַנקען אין גאַנצן אויסגעהיילט געוואָרן פון זיין לעקסיקאָן־קרענק; אַז ער לעבט איצט ווי אין שיכרות; אַז ביים ערשטן יום־העצמאות האָט ער נישט אויפגעהערט צו וויינען פאַר פרייד.

עס זענען אַוועק עטלעכע שיינע יאָרן זינט דעמאָלט. איך האָב זיי די גאַנצע צייט נישט געזען. אַנומלט האָב איך די פרוי פעלדמאַן געטראָפן פאָרנדיק אין אויטאָבוס. איר פנים איז געווען פאַרזאָרגט, אָפּגעמאָגערט און בלאַס. פרעגנדיק זי ווי עס גייט זיי און וואָס דער מאַן טוט, האָט זי מיר דערציילט, אַז ער איז ווידער באַפאַלן געוואָרן פון דער אַלטער קרענק. ער זיצט שוין ווידער גאַנצע טעג און נעכט איבער געאָגראַפישע אַטלאַסן און גראָבע לעקסיקאָנען און זוכט אַ נייע טעריטאָריע...

# דער דריטער דור

מיין שכן, וואָס כאַפּט זיך אָפּט אַריין צו מיר שפּילן אַ פּאַרטיע שאַך און טרינקען אַ גלעזל טיי, האָט מיר דערציילט די דאָזיקע מעשה, טאַקע פון זיינע אייגענע קרובים.

די פאַרגעשיכטע פון דער געשיכטע האָט זיך אָנגעהויבן מיט אַ 60—62 יאָר צוריק. אין דעם קליינעם רומענישן שטעטל ב. האָבן געלעבט צוויי ברידער. ביידע זענען געווען גרויסע אָרעמעלייט, און ביידע האָבן געהאַט קינדער, זין און טעכטער. און ווי עס איז שוין דער „מנהג" ביי אָרעמעלייט — מער טעכטער ווי זין... און די טעכטער זענען שוין כמעט אַלע געווען ראוי לחופה און האָבן נישט געהאַט קיין סימן אויף נדן און דעריבער אויך נישט די מינדעסטע האָפענונג אויף אַ שטיקל חתן. סיידן אַ נס זאָל געשען.

און אַזאַ נס איז טאַקע געשען מיט דער עלטסטער טאָכטער פון דעם עלטערן ברודער: קומט אַראָפּ אין אַ שיינעם טאָג פון אַמעריקע אַ זון באַזוכן זיינע אַלטע טאַטע־מאַמע. איז ער אַ גרויסער עושר, אַן אייגנטימער פון אַ פאַבריק. און דערצו — נאָך אַ בחור... דערזעט דער בחור אויף דער גאַס די עלטסטע טאָכטער פון דעם עלטערן ברודער און פאַרליבט זיך אין איר ווי מען זאָגט, אויפן ערשטן בליק. אַמעריקאַנער זענען פראַקטישע און ניכטערע מענטשן, אַפילו ווען זיי פאַרליבן זיך. און אַפילו אין יענע אַלטע צייטן, ווען פאַרליבטע פלעגן נאָך האַלטן אין איין זיפצן, פלעגן שפּאַצירן מיט דער גע־ליבטער (אין בלאָע לבנה־נעכט, פארשטייט זיך) ווייט אַוועק הינטער דער שטאָט, ווו עס פלעגט געווייינלעך פליסן אַ שטילער טייך און זינגען דער נאַכטיגאַל... — אַפילו אין יענע גוטע צייטן האָט אונדזער מיליאָנער נישט געהאַלטן פון „אַזעלכע זאַכן". ער איז תיכף אַוועק צו די עלטערן פון דעם מיידל און זיי דערקלערט,

אַז ער „לייקט״ זייער טאָכטער און וויל מיט איר חתונה האָבן.

אַז די עלטערן זענען שיער נישט אַראָפּ פון זינען פאַר גרויס גליק, דאַרף איך אייך נישט דערציילן. דאָס גאַנצע שטעטל איז געגאַנגען אויף רעדער. מיידלעך זענען קראַנק געוואָרן פאַר קנאה...

בקיצור דער בחור האָט דאָס מיידל אויסגעקליידט פון קאָפּ ביז די פיס און איר געשענקט אַ בריליאַנטענעם רינג, וואָס נאָר פרינצע־סינס טראָגן אַזעלכע... מען האָט באַלד געפּראַוועט אַ חתונה און נאָך די שבע־ברכות האָט דער אַמעריקאַנער גענומען זיין יונג ווייבל און איז מיט איר אַוועק קיין אַמעריקע.

עס האָט נישט לאַנג געדויערט איז געקומען אַ שיפּסקאַרטע פאַר דער צווייטער שוועסטער און באַלד אויך פאַר דער דריטער. און ביז צוויי יאָר איז די גאַנצע משפחה שוין געווען אין אַמעריקע.

עס איז אַוועק אַ יאָר נאָך אַ יאָר. עס זענען געקומען בריוו צום ברודער. פון צייט צו צייט עטלעכע דאָלאַר, אַ שפּייז־פּעקל. עס זענען געקומען „פּיקטשורס״, איינלאַדונגען אויף חתונות, אויף בריתן און שפּעטער — אויף בר־מצוות...

יאָרן זענען דערווייל געגאַנגען. די צוויי ברידער — פון ערשטן דור — זענען אַוועק אין דער אייביקייט. און אויך דער צווייטער דור — די שוועסטערקינדער פון ביידע קאָנטינענטן זענען אַלט און עלטער געוואָרן. געהאַט קינדער און קינדס־קינדער. און אויך זייערע רייען זענען אַלץ שיטערער געוואָרן... ווער שמועסט נאָך די רייען פון די שוועסטערקינדער פון דער זייט ים, וווּ היטלער ימח שמו האָט געבושעוועט!

זעלטן האָט זיך אַמאָל נאָך אָפּגערופן פון אַמעריקע אַן אַלטער קוזין מיט אַ שפּייזפּעקל אָדער מיט אַ בריוול, וואָס דרייפּערטל פון דעם לשון איז געווען ענגליש...

צווישן דעם דריטן דור — די גליד־געשוועסטערקינדער — איז שוין אין גאַנצן קיין שום קאָנטאַקט נישט געווען. זיי האָבן זיך

נישט געקענט. נישט געוווּסט אַפילו איינע פון צווייטנס עקזיסטענץ. צוויי ווייטע פרעמדע וועלטן.

מאַכט זיך אַזאַ מעשה: אין אַ שיינעם טאָג באַקומט אַן אַלטער קוזין אין ישראל אַ בריוול פון זיינער אַן אַלטער קוזינע פון מאָנטרעאַל, אַז איר טאָכטער מיטן איידעם קומען צום „אינדעפּענדענטס דעי" (יום העצמאות) קיין ישראל און די טאָכטער וויל אומבאַדינגט זיך באַקענען מיט אירע קרובים...

לויפט דער אַלטער מיטן בריוול צו דער טאָכטער און דעם איידעם און דערציילט זיי, אַז די דאָזיקע קרובים זענען זייער רייך, אַז דער מאַן האָט אין מאָנטרעאָל אַ גרויסן האָטעל און נאָך אַנדערע געשעפטן.

האָבן די טאָכטער מיטן מאַן אָנגעהויבן פיבערדיק וואַרטן אויפן באַזוך פון די רייכע אומבאַקאַנטע קרובים. און אַ פּאַרטיקער פּלאַן איז ביי זיי אויסגעאַרבעט געוואָרן: אַזוי ווי זיי זענען ביידע נאָך אין די בעסטע אַרבעטסיאָרן און די קינדער זייערע זענען אַוודאי פעיק צו אַלע אַרבעטן, און ענגליש קאָנען זיי אַלע אויך — זאָלן זיי די קרובים בעטן אַלע אַראָפּצונעמען קיין קאַנאַדע. זיי וועלן די קרובים געבן צו פאַרשטיין, אַז נאָכדעם ווי זיי וועלן פאַרקויפן זייער וווינונג אין צפון, און זייערע צוויי מגרשים אין בת־ים, וועלן זיי קומען מיט גענוג געלט ביז זיי וועלן זיך איינאָרדענען. און זיי וועלן חלילה נישט דאַרפן אָנקומען צו זייער הילף.

דער גרויסער טאָג איז געקומען. מיט אַ שיינעם בוקעט בלומען אין דער האַנט האָבן זיך די ישראלים געלאָזט מעלדן אין האָטעל. די אַמעריקאַנערין האָט זיך אַרומגענומען מיטן „אָנקל", זיך צעקושט מיט די קוזינס. די אַטמאָספער איז באַלד געוואָרן אַ וואַרעמע, אַ פאַמיליאַרע און אינטימע.

די קאַנאַדערין האָט באַוווּנדערט דעם קאָרעקטן ענגליש פון אירע ישראלדיקע קרובים, און די ישראלים האָבן זיך געחידושט,

וואָס זייער אַמעריקאַנער מיליאָנערקע וואַרפט אַריין אין איר ענגליש אַזוי פיל העברעישע ווערטער...

— פון וואַנען קומט עס צו דיר? — האָבן זיי זיך געחידושט.

— וואָס הייסט פון וואַנען? זיך געלערנט ביי אַ „טיטשער״. ס'איז דאָך אונדזער „לענגוויטש״...

— שור — האָט דער מאַן אירער צופּאָטאַקעוועט — יעדער „דזשו״ דאַרף קאָנען רעדן „היברו״.

דעם צווייטן טאָג איז מען צוזאַמען געגאַנגען אין טעאַטער. דעם דריטן טאָג — צוזאַמען געמאַכט אַן אויספלוג צום כנרת. די קוזינקעס אין צווייטן גראַד האָבן זיך ווי פאַרהונגערטע צוגעכאַפּט איינע צו די אַנדערע, ווי זיי וואָלטן שוועסטערס געווען, וואָס זענען צוזאַמען אויפגעוואַקסן און האָבן זיך יאָרן נישט געזען.

דעם פינפטן טאָג איז די ישראלדיקע קוזינקע אַרויס מיט איר פּלאַן. דער אַמעריקאַנער איז ערגעץ אַוועק און די אַמעריקאַנערין מיט די ישראלים זענען געווען אַליין. קודם האָט די קאַנאַדישע קוזינע נישט פאַרשטאַנען וואָס איר קרובה וויל. און אַז זי האָט ענדלעך אָנגעהויבן פאַרשטיין וווהין זי צילט, האָט איר פּנים באַקומען אַ האַרטן אויסדרוק. זי האָט זי געלאָזט אויסרעדן ביזן סוף און דאַן זיך אָנגערופן:

— אַנטשולדיק, דו מאַכסט אַ טעות. האָסט נישט געטראָפן דעם ריכטיקן אַדרעס. מיר, מיין מאַן און איך, האָבן באַשלאָסן — זיך צו באַזעצן אין ישראל... מיין מאַן שטעלט דאָ אויף אַ גרויסן מאָדערנעם האָטעל... מיר ווילן לעבן אין אונדזער „אָון קאָנטרי״ (אייגן לאַנד), נישט זיין מער צווישן גויים...

דער אָפּשייד צווישן די קרובים איז אין דעם אָוונט געווען אַ קילער, אַן אָפיציעלער. קיינער פון דיביידע קוזינעס האָט נישט געקענט אויסבאַהאַלטן די גרויסע אַנטוישונג, וואָס איינע האָט געהאַט אין דער צווייטער...

# רוטקאַ

בליצשנעל האָט זיך צווישן אַלע לאַנדסלייט פאַרשפּרייט די ידיעה, אַז מיטן לעצטן עולים־טראַנספּאָרט פון „יענעם לאַנד" איז אויך געקומען רות ברוינער, באַקאַנט ביי יעדן מיטן נאָמען רוטקאַ.

ווי איז דאָס גאָר מעגלעך? ווי אַזוי איז אָט דער נס געשען? — האָט זיך יעדער געפרעגט — ווי אזוי איז זי נאָך די אַלע שווידערלעכע איבערלעבונגען געבליבן לעבן? און מער פון אַלץ: ווי אַזוי האָט זי פון „דאָרטן" געקענט אַרויס? מיט וואָס פאַר אַ כוח? מיט וועלכע מיטלען?

הערנדיק אַז זי וווינט דערווייל ביי אַ חברטע אין פּתח־תקוה, האָב איך אַלץ געלאָזט שטיין און בין אַהין אַוועק.

נאָך דער ערשטער באַגריסונג בין איך ווי פאַרשטומט געוואָרן, קוים געקענט אַרויסברענגען עטלעכע גאָרנישט זאָגנדיקע ווערטער. נאָר באַלד האָט דער גליוועער אין מיר אָנגעהויבן שמעלצן און דער ווערטערשטראָם האָט זיך אַ שפּאַר געטאָן. איך האָב געפרעגט און געפרעגט, נישט געוווּסט וואָס פריער.

איך בין געזעסן און נישט אַראָפּגענומען פון איר קיין אויג. זיך איינגעגראָבן אין איר איידעלן און נאָך אַלץ שיינעם און יוגנטלעכן פּנים. דער אַמאָליקער שמייכל וואָס האָט געשוועבט אויף אירע מיידלשע ליפּן, וואַרעמט נאָך אַלץ, אָבער איצט ווי אין אַ קלאָרן האַרבסטיקן טאָג. אירע גרויסע ברוינע אויגן זענען נאָך אַלץ שיין, איצט אַנדערש, ס'איז די שיינקייט פון געלייטערטער צייטיקייט, פון דערקענטעניש, ס'איז אויך דער שטילער טרויער וואָס גיט צו די דאָזיקע אויגן אַ באַזונדערן רירנדיקן חן.

רוטקאַ! דער צענטער פון דער טשערנאָוויצער גייסטיקער עלי־

טע, דער ליבלינג פון דער יידישער באָהעמע, געליבט און פאַרערט פון יונג און אַלט.

ווי אויף אַ פילם לענטע האָבן זיך פאַר מיינע אויגן איצט געגומען פונאַנדערוויקלען בילדער און געשעענישן פון יענע יאָרן.

ס'איז דאָס „גליקלעכע" יאָר פון „גאולה" — 1940־1941, אין סאַמע ברען פון די באַגייסטערטע הורא־געשרייען און „ער־זאָל־לעבן"־אפּלאָדיסמענטן, וואָס האָבן טאָג און נאַכט געלעכערט די אויערן פון דער טשערנאָוויצער באַפעלקערונג.

אין יענער צייט האָט זיך עס אָנגעהויבן.

אין איינער אַ נאַכט איז די ען־קאַ־ווע־דע באַפאַלן יידישע הייזער און אַרויסגענומען טויזנטער „געפערלעכע פאַרברעכער", „פאַררעטער" און „ספּעקולאַנטן", און זיי פאַרשפאַרט אין לאַסט־וואַגאָנען וואָס זענען שוין צו דעם צוועק צוגעגרייט געווען און געוואַרט אויף זייטיקע רעלסן פון דער טשערנאָוויצער באַן־ליניע, כדי די מענטשן אַוועקצופירן ערגעץ אין לאַגערן פון דעם ווייטן סיביר.

צווישן די „שונאים פון פאָלק" האָבן זיך אויך געפונען רוטקאָס עלטערן — צוויי אַלטע, קראַנקע, אָרעמע און צעבראָכענע מענטשן.

אַז רוטקאַ האָט זיך צומאָרגנס דערוווּסט פון דעם אומגליק, איז איר באַשלוס געווען אַ פעסטער: זי פאָרט מיט מיט די עלטערן.

זי איז דעמאָלט אַלט געווען 20 יאָר און איז געווען עטלעכע חדשים נאָך דער חתונה.

איר מאַן האָט מיט איר איינגעטענהט:

— דו ביזט טאַקע אַ טאָכטער, אָבער דו ביזט פאַרהייראַט, און האָסט לגבי מיר פליכטן. ס'איז טאַקע אַ גרויס רחמנות אויף די עלטערן, אָבער זיי זענען אַלט און דו ביזט יונג, הייבסט ערשט אָן לעבן, מיטפאָרן מיט זיי הייסט באַגיין זעלבסטמאָרד. דו טאָרסט עס נישט טאָן. איך — האָט ער געטענהט — בין אַוודאי נישט מחויב עס צו טאָן.

ס'האָט אָבער גאָרנישט געהאָלפן. רוטקאָס באַשלוס איז געווען פעלזנפעסט. — מיינע עלטערנס גורל איז מיין גורל — האָט זי געזאָגט — און אויב דו זאָגסט זיך אָפּ מיטצופאָרן, פאָר איך אָן דיר.

זי האָט זיך תיכף געמאָלדן ביי דער עינ־קאַ־ווע־דע ווי די טאָכטער פון די און די, פאַרזיכערט, אַז זי איז אַ מיטשולדיקע אין אַלע פאַרברעכנס וועלכע אירע עלטערן זענען באַגאַנגען... און געבעטן אַז מען זאָל זי באַשטראָפן מיט דער זעלבער שטראָף...

זי האָט געהאַט מזל: מען האָט איר ביטע דערפילט און דערפאַר וואָס זי האָט זיך אַליין „מודה" געווען, האָט מען איר באַוויליקט מיטצופאָרן מיט אירע עלטערן אין דעם זעלבן וואַגאָן. — —

רוטקאָס מאַן איז געווען פון די ערשטע אויסזידלער קיין טראַנסניסטריע.

פון דאָרט האָט זיך נאָך דער באַפרייונג נאָר אַ זייער קליינער טייל אומגעקערט אין די חרובע היימען. רוטקאָס מאַן האָט זיך נישט אומגעקערט.

ער, וואָס האָט נישט געוואָלט מיטפאָרן מיט זיין יונגער פרוי, ווייל „דאָס וואָלט הייסן באַגיין זעלבסטמאָרד" — איז אומגעקומען. רוטקאַ וואָס איז דעם טויט אַקעגנגעגאַנגען, איז לעבן געבליבן. טונקל און פאַרבאָרגן זענען די וועגן פון גורל.

יצחק פאַנער

# דער איוב פון אונדזערע טעג

דער איוב וועגן וועלכן איך וויל דאָ דערציילן, האָט נישט גע־האַט, ווי דער איוב פון פאַרצייטיקן לאַנד עוץ, — קיין שאָף און קיין קעמלען און קיין אָקסנשפאַן אאַז״וו. ניין, אונדזער איוב האָט נישט פאַרמאָגט קיין איינציקע שאָף און קיין איינציקן קעמל. דער־פאַר אָבער האָט ער געהאַט דאָס גרעסטע און רייכסטע קאָלאָניאַל־ און דראָגעריע־געשעפט אין דער שטאָט. ער, מאָזעס ווייִדנפעלד, האָט געקיניגט אין זיין מלכות מיט חכמה, געניטשאַפט און אויך מיט יושר. אַ טשעק מיט דער אונטערשריפט מאָזעס ווייִדנפעלד איז געווען אַן אינטערנאַציאָנאַלע וואַלוטע.

דאָס פאָרנטיקע געשעפטס־לאָקאַל זיינס איז בלויז געווען אַ מין „מוסטער־קאָלעקציע" פון די טויזנטער סחורות און אַרטיקלען וואָס האָבן זיך געפונען אין די פילע מאַגאַזינען פון זיין ריזיקן הויף. יעדער מאַגאַזין איז געווען אַ געשעפט פאַר זיך און געהאַט זיין אייגענעם פערסאָנאַל, משרתים פון פאַרשידענע „ראַנגען": אַזעלכע וואָס האָבן ערשט געהאַלטן ביים אָנהייב פון פאַך. וואָס האָבן נאָך געקערט, געראַמט, אַרויפגעטראָגן די קעסטלעך און פעקלעך צו די וועגענער. די מיט אַ העכערן ראַנג, האָבן שוין געפאַקט די סחורות, און די „געענדיקטע" משרתים האָבן שוין באַדינט קונים.

און אויך ווי איוב פון לאַנד עוץ, האָט איוב פון דעם וואַלאַכן־לאַנד געהאַט אַ פרוי און זין און טעכטער. די זין זענען געווען באַ־קאַנטע פראָפעסאָרן, אַדוואָקאַטן און סוחרים אין בערלין, אין ווין, אין בוקאַרעשט. און די טעכטער זענען געווען פרויען פון מעדי־צינער, פון פאַבריקאַנטן. און דער טאַטע האָט געהאַט פרייד און געשעפט נחת פון יעדן זון, און יעדער טאָכטער און יעדן אייניקל.

איז געקומען דאָס יאָר 1936, איז דער עלטסטער זון, פראָפע־

סאַר קורט ווײדנפעלד אַהיימגעקומען פון בערלין צום טאַטן מיט ווײב און קינדער, מיטטראָגנדיק אין זײנע טשעמאָדאַנעס דאָס אַש פון זײן גליִענדיקער ליבע צו דעם פאָלק פון דיכטער און דענקער.

האָט דער טאַטע געזאָגט: גאָט צו דאַנקען אַבי געזונט געקומען.

איז געקומען דאָס יאָר 1938, איז געקומען פון ווין די טאָכטער מיטן איידעם, מיטברענגענדיק מיט זיך די צעריסענע סטרונעס, וואָס האָבן ערשט אַזוי פאַרשיכורנדיק אויסגעשפּילט דאָס ליד פון „ווינער געמיטלעכקייט״ און פון די אייבוויקנדיקע ווינער „דאָנאַו־וועלן״־וואַלצערס.

האָט דער טאַטע געטרייסט: זאָרגט נישט, קינדער, גאָט וועט העלפן.

איז געקומען דאָס יאָר 1941. די פירמע מאָזעס ווײדנפעלד האָט אַרײנבאַקומען אומגעבעטענע „שותפים״. זײ האָבן זיך אַרומגעדרייט אין געשעפט. פאַרלאַנגט אויפקלערונגען, געגעבן באַפעלן, אָפּגע־זאָגט מענטשן, אויפגענומען נײע, וואָס האָבן פונקט ווי זײ געטראָגן האַקנקרײצן אויפן אָרעם...

ווײדנפעלדס פּנים איז בלייכער געוואָרן. ער האָט זיך אַרומ־געדרייט אין זײן געשעפט אַן איבעריקער, אַ פרעמדער. געוואַרט יעדן טאָג מען זאָל אים אין גאַנצן הייסן גײן.

אָבער אויך איצט האָט ער זיך פאַר קײנעם נישט באַקלאָגט, באַר שטיל און שווײגנדיק געטראָגן דעם גורל.

און אויך קײן טראַנסניסטריע איז ער געגאַנגען אַ שווײגנדיקער. פאַרביסן דעם ווייטיק און די דערנידריקונג און געשוויגן. צוריק־געקומען פון דאָרטן איז ער — אײנער אַליין. טײל קינדער זענען בײם אַנטלויפן קײן רוסלאַנד אָנגעיאָגט געוואָרן פון די דײטשן און דערשאָסן געוואָרן, טײל זענען געווען די קרבנות פון דער „סטרומאַ״ און די איבריקע זענען אין טראַנסניסטריע אומגעקומען.

אין לאַנד איז ער ערשט עטלעכע חדשים. און אויך איצט הערט מען נישט, אַז ער זאָל זיך פאַר עמעצן באַקלאָגן. ער שווײגט. רק

ער שווייגט. און אַ שווייגנדיקער האָט ער אויך איבערגענומען דעם לאַנגן בעזעם פאַר זיין עבודת־דחק, וואָס די עיריה האָט אים באַוויליקט. מען האָט אים געוויזן וועלכע גאַסן און טראָטואַרן ער דאַרף קערן.

און אין איינעם אַ טאָג איז עס געשען.

קערנדיק אַ ברייטן טראָטואַר פאַר אַ ריי גרויסע נייע געשעפטן, איז פון איינעם פון די געשעפטן אים אַקעגנגעקומען דער באַזיצער פון געשעפט.

איין רגע זענען זיי געשטאַנען איינער קעגן אַנדערן. זיי האָבן זיך באַלד דערקענט. דאָס איז געווען איינער פון ווײַדנפעלדס אַמאָליקע משרתים פון דער דריטער קאַטעגאָריע, איינער פון די, וואָס האָבן ערשט געקערט...

יענער האָט זיך אויסגעדרייט און איז ווי אַן אָפּגעבריטער שנעל אַריינגעלאָפן אין געשעפט.

אונדזער איוב איז אַ רגע שטיין געבליבן אַ פאַרגליווערטער. און איצט האָט ענדלעך געפּלאַצט די שפּאַנונג פון זיין לאַנגיאָריקן איינגעהאַלטענעם ווייטיק. פון זיין מויל האָבן זיך גענומען שיטן ווערטער — ביטערע, שאַרפע, שפּיציקע, ווי פאַרסמטע פיילן.

און ווי דער פאַרצייטיקער איוב פון דעם לאַנד עוץ, אַזוי האָט אויך דער איצטיקער איוב געעפנט דאָס מויל און פאַרשאָלטן דעם טאָג פון זיין געבוירן.

# דאָס האַרץ זאָגט

אַנומלט בין איך געווען אויף אַ בר־מצווה־פּייערונג פון אַ לאַנדסמאַן. נאָכן אָפּיציעלן טייל, ד. ה. נאָך דער „געלונגענער" דרשה פונעם בר־מצווה יינגל (אַזוינע דרשות געלינגען תמיד, אויב דאָס יינגל פאַרגעסט נאָר נישט אין מיטן דערינען דעם איינגע־חזרטן טעקסט...) — האָט זיך אָנגעהויבן דער אומאָפּיציעלער טייל — מוזיק, טאַנץ און דער רייכער נאַכטמאָל. און ווי תמיד ביי אַזוינע שמחות, האָט יעדער געזוכט צו פאַרכאַפּן אַ פּלאַץ ביי אַ טיש, ווו עס זיצן נאָענטע און היימישע מענטשן, אַז מען זאָל אַחוץ אַ גוטן ביסן, אויך קענען נעמען אַ וואָרט אין מויל אַריין און נישט דאַרפן זיצן ביים טיש אַ שטומער און שטייפער. איך האָב געהאַט מזל. מיין טיש איז באַשטאַנען פון לויטער אייגענע, קרובים און לאַנדס־לייט, און דערצו נאָך לויטער אינטעלעקטועלע, מענטשן מיט וועמען מען האָט אַ געמיינזאַמע שפּראַך. די שטימונג איז באַלד געוואָרן אַן אָנגענעמע, אַ נישט־געצוווּנגענע. דער שמועס האָט זיך געדרייט אַרום פאַרשידענע אַקטועלע פּראָבלעמען — פּאָליטישע, קולטורעלע, געזעלשאַפטלעכע. מען האָט גערעדט וועגן די וויסנשאַפטלעכע דער־גרייכונגען פון אונדזער צייט, וואָס שפּאַנען מיט ריזנשריט. אָט באַלד און מיר וועלן שוין לאַנדן אויף דער לבנה.

עס זענען שוין אויך פאַראַן פּראָיעקטן פון בויען לוקסוס־וווי־נונגען — אויפן גרונט פון ים...

— פאַר וואָס נישט? ביי אונדזערע וויסנשאַפטלעכע דערגריי־כונגען וועלן מיר דערגיין נאָך ווייטער פון דער לבנה און טיפער פונעם ים־גרונט...

— און דאָך זענען פאַראַן ווייטקייטן און טיפקייטן וווהין די וויסנשאַפט וועט וואַרשיינלעך קיין מאָל נישט דערגרייכן — האָט

זיך אָנגערופן דער גימנאַזיע־לערער ל. — די וויסנשאַפטלער האָבן שוין אויסגערעכנט די גענויע צאָל ליכטיאָרן פון פלאַנעט צו פלאַנעט. אָבער צו דער מיסטעריע אָרגאַניש לעבן אויף אונדזער אייגענעם פלאַנעט, פון דעם גרעסטן בעל־חי ביז צו דער קלענסטער מילב, ביז צום מיקראָב, ביז צום מינדעסטן גרעזל — זענען זיי נישט דערגאַנגען. וואָס זיי וויסן איז בלויז השערה. זיי זעען בלויז די אויבערפלאַך, פון דרויסן אויס... וואָס וויסן זיי פונעם מענטש? יעדער פאָלקסשילער וועט אייך וויסן צו זאָגן ווי אַזוי עס אַנטשטייט די עלעקטרישע קראַפט, און יעדער מעדיצין־סטודענט וועט אייך אויסרעכענען יעדן אָרגאַן אין מענטשלעכן קערפער און די פונקציע, וואָס יעדער אָרגאַן דערפילט. אָבער צי האָט דער פאָלקסשילער די מינדעסטע אַנונג פאַר וואָס דער עלעקטרישער כוח אַנטשטייט? און דער מעדיצין־סטודענט — צי ווייסט ער ווער עס דיריגירט מיט די מענטשלעכע אָרגאַנען, אַז זיי זאָלן די דאָזיקע פונקציע דערפילן. און ווער איז דער, וואָס שולט „מיליטעריש" אויס די רויטע בלוט־קיילעכלעך, אַז זיי זאָלן שטיין אויף דער וואַך און קעמפן העלדנהאַפט און פיבערהאַפט קעגן יעדן שונא וואָס דרינגט אַריין אין אונדזער אָרגאַניזם? ווער זשע האָט קאָנסטרויִרט אין אונדז יענע „מאַשין" וואָס פונקציאָנירט מיט אַזאַ פּרעציזקייט, אין גאַנצן אומאָפּהענגיק פון אונדזער ווילן, פון אונדזער וויסן? און וואָס וויסן די געלערנטע וועגן אַלע יענע כוחות, וואָס האָבן זייער הערשאַפט מחוץ דער אָרגאַנישער וועלט אונדזערער ווי: ליבע, האַס, מיטלייד, צאָרן, פאַרגעפּיל, פאַראַנונג אאַז"וו?

— פאַרגעפיל — דאָס פאָלק באַצייכנט עס מיט „דאָס האַרץ זאָגט".

— ריכטיק! „דאָס האַרץ איז מיר גרינג", „דאָס האַרץ איז מיר שווער", „דאָס האַרץ זאָגט מיר".

— וועגן דעם, אַז דאָס האַרץ זאָגט דעם אמת, וועל איך אייך דערציילן אַ געשיכטע, וואָס האָט מיט מיר אַליין געטראָפן — האָט

געזאָגט אַ פרוי אין די מיטעלע יאָרן. און זי האָט דערציילט: איך האָב דעמאָלט שטודירט אין דער בוקאָווינער הויפּטשטאָט און פלעג אויף די וואַקאַנסן אַהיים קומען צו מיינע עלטערן, וואָס האָבן געוווינט אין אַ קליין שטעטל, אַן ערך 6—7 שעה באַנרייזע פון דער הויפּטשטאָט.

דאָס איז געווען אין מיטן פון שוליאָר. גייענדיק פון דער שול אויף מיין קוואַרטיר, איז מיר דאָס האַרץ עפּעס זייער שווער געווען. איך האָב מיר דאָס נישט געקענט דערקלערן. אין יענעם טאָג האָב איך דווקא געהאַט אַ סיבה פריילעך צו זיין: דער פּראָ־פעסאָר האָט מיך עקזאַמינירט און איך האָב אויף אַלע זיינע פראַגן געענטפערט. צום מיטאָג־עסן האָב איך זיך נישט געקענט צורירן. איך האָב מיך אַוועקגעלייגט אויף דער סאָפע, אין דער האָפענונג צו כאַפּן אַ דרימל און אַזוי אַרום אפשר פאַרשלאָפן מיין שווערע שטי־מונג. אָבער שלאָפן האָב איך נאָך ווייניקער געקענט ווי עסן. מיין אומרו איז געוואַקסן פון מינוט צו מינוט. פּלוצלינג איז פאַר מיינע אויגן אויפגעשווומען די געשטאַלט פון מיין טאַטן. זיין פּנים איז געווען טויט בלייך און ער האָט אויף מיר געקוקט מיט טרויעריקע און בעטנדיקע אויגן. איך בין אויפגעשפרונגען, מיך שנעל אָנגעטאָן, אַרויס אין גאַס און געכאַפּט אַן אויטאָ צום וואָקזאַל. איך האָב געקויפט אַ בילעט צום ערשטן צוג, וואָס איז געפאָרן אַהיים.

אין דער היים האָב איך געטראָפן דעם טאַטן ליגן אין בעט און ער האָט זיך געקאָרטשעט פאַר גרויס ווייטיק. ער האָט באַקומען אַ געדערים־פאַרשלינגונג און עס האָט זיך געפאָדערט אַ תיכפדיקע אָפּעראַציע.

— די וויסנשאַפט רופט דאָס טעלעפּאַטיע — האָט זיך איינער פון טיש אָנגערופן — אייער פאָטער האָט אין יענער קריטישער שעה זיכער וועגן אייך אינטענסיוו געטראַכט און דאָס איז דערגאַנגען צו אייך.

— טעלעפּאַטיע... — האָט דער לערער ל. געחוזקט — ווידער

אַ נאָמען אַזאַ, ווי דער נאָמען עלעקטריע... אָ, נעמען האָבן זיי זייער שיינע דערפונדן: „אינסטינקט", „אינטויציע", „אונטערבאַוווסטזיין". פיינע נעמען, אָבער צי איז דערמיט עפּעס דערגרייכט? עפּעס ענד־גילטיק קלאָר געוואָרן?

די שמועסנדיקע זענען אַנטשוויגן געוואָרן, געקוקט גלייכגיל־טיק אויף דעם טומלענדיקן אַרום. פאַר אונדזער טיש האָט זיך גע־דרייט אין אַ טאַנץ אַ פּאָרל: אַ יונגער בחור מיט אַ זייער שיין 17—18־יאָריק מיידל. ער האָט מיט זיינע קרעפטיקע אָרעמס אַרומ־גענומען דעם מיידלס צאַרטע טאַליע, און זי, מיט אַ שמייכל אויף די געטאָקטע ליפּן און מיט האַלב־פאַרמאַכטע אויגן, האָט זיך גע־טוליעט צו זיין ברוסט. זייערע קערפּערס האָבן זיך עלאַסטיש און ריטמיש באַוויגן אונטער די קלאַנגען פון אַ ליידנשאַפטלעכן פאַר־בענקטן טאַנגאָ.

— הייסט עס, אַז מיר זענען אַרומגערינגלט פון לויטער סודות און רעטענישן. אַז גאָרנישט איז קלאָר, קיין זאַך נישט פאַרענט־פערט — האָט איינער ווי פאַרגזעצט דעם איבערגעריסענעם שמועס.

— נישט פאַר יעדן — האָט אים אַ צווייטער געענטפערט מיט אַ שמייכל. — איר זעט אָט די צוויי — האָט ער אָנגעוויזן אויף דעם יונגן טאַנצנדיקן פּאָרל — פאַר זיי איז אַלץ קלאָר, אַלץ פאַר־ענטפערט...

# חלומות

— איר רעדט וועגן פּאַראַגראַפּיל, פּאַראַנונגען און וועגן דעם מענטשלעכן האַרץ ווי אַן אַנזאָגער פון גוטס און שלעכטס — האָט זיך אָנגערופן איינער פון אונדזער טיש־געזעלשאַפט, ווי אַ המשך פון אַן איבערגעריסענעם שמועס — איז מיר אַ חידוש וואָס קיינעם פון אייך איז נישט איינגעפאַלן צו רעדן וועגן אַזאַ מיסטעריעזע זאַך ווי דאָס איז דער חלום, אַ זאַך, וואָס איז נאָך ביז היינט געבליבן פאַר דער ווויסנשאַפט אַ נישט אויסגעפאָרשט געביט, און וועט וואָרשיינלעך קיין מאָל נישט אויסגעפאָרשט ווערן ביזן סאַמע גרונט.

דער חלום איז אַזוי אַלט ווי אַלט ס'איז דער מענטש. און לויט דער נייער וויסנשאַפט קען מען דעם זאַץ אַ ביסל אַנדערש פאַרמולירן און זאָגן: דער חלום איז אַזוי אַלט, ווי אַלט ס'זענען די בעלי־חי אויף אונדזער פּלאַנעט, וואָרעם לויט די נייע פאָרשונגען, חלומען דאָך נישט נאָר מענטשן, נאָר אויך אַ גרויסער טייל פון בעלי־חי. אָבער וואָס אַזוינס ס'איז חלום, איז נאָך פאַר די פאָרשער אַ בוך מיט זיבן זיגלען. און איז שוין דער חלום פאַר זיך אַליין איינגעהילט אין געדיכטע שלייערן פון סוד, אַזוי איז דער חלום ווי אַן אָנזאָגער און אַ פאָראויסזאָגער, ווי אַ וואָרענער פאַר סכנות און ווי אַ העלפער אין אַן עת־צרה, שוין אין גאַנצן אַ גרויס רעטעניש.

און אונדזער שמועסער האָט אויסגעפירט:

— אַלס חדר־יינגלעך זענען מיר מיטגעריסן געוואָרן פון יוספס יינגלישע חלומות. מיר האָבן מיט אַן איינגעהאַלטענעם אָטעם זיך צוגעהערט ווי די ברידערס סנאָפּעס האָבן זיך געבוקט צו יוספס בינטל און ווי די זון און די לבנה און די עלף שטערן האָבן זיך

צו יוספן געבוקט, מיר האָבן אָנגעקוואָלן ווי יוסף הצדיק האָט פּרעהן פּותר געווען זיינע חלומות און אין אונדזערע אויגן האָבן געגלאַנצט טרערן פון גליק ווען ער איז דערפאַר געוואָרן שני למלך איבער מצרים. מיט יאָרן שפּעטער האָבן מיר, די שוין גרויסע, קלוגע און אַלצוויסנדיקע, געלאַכט פון יענע חומש־חלומות, געלאַכט אויך פון די חלומות וואָס אונדזערע מאַמעס פלעגן אונדז, קינדער, דערציילן אין די לאַנגע ווינטער־נעכט, צוזאַמען מיט די מעשות וועגן גוטע־יידן און להבדיל נישט־גוטע. פאַר אונדז „אויפגעקלערטע" איז שפּעטער אַלץ „קלאָר" געוואָרן. מיר האָבן געגלייבט בלויז אין דעם, וואָס איז געשטאַנען אין שולחן־ערוך פונעם היסטאָרישן מאַ־טעריאַליזם...

דאַן זענען געקומען יאָרן ווען אונדזערע נייע עוואַנגעליעס האָבן באַנקראָטירט און די נייע געטער האָבן זיך אַרויסגעוויזן ווי אויסגעשטאָפּטע מאַנעקינס. און אַז דער פעסטער און כלומרשט זיכערער באָדן האָט זיך אָנגעהויבן וואַקלען אונטער אונדזערע פיס, האָבן מיר, אויסגעהוילטע, זיך געלאָזט גיין צוריק, פון וואַנען מיר זענען אַוועק — צו די אויסגעלאַכטע חלומות פון חומש און פון די טאַטע־מאַמעס. און איצט זענען די קלוגע און אַלצוויסנדיקע שמייכלען פאַרשווונדן פון אונדזערע ליפּן, און די אַמאָליקע זיכער־קייט — פון אונדזערע אויגן.



קוים באַרירט די טעמע חלומות, האָט כמעט יעדער פון די טיש־מענטשן געהאַט צו ברענגען אַ ביישפּיל פון אַ חלום וואָס אים אַליין האָט זיך געחלומט. די צייט האָט אָבער נישט דערלויבט אויסצוהערן אַלע. בלויז צוויי האָבן באַוויזן צו דערציילן. האָט דער ערשטער דערציילט:

— דאָס איז געווען אין זומער 1948. איך האָב מיט מיין פרוי

געוווינט צייטווייליק אין בערלין. היטלער איז געווען טויט און דער נעאָ־נאַציזם האָט נאָך דעמאָלט מורא געהאַט אויפצוהייבן דעם קאָפּ, האָט אַ ייד אין דייטשלאַנד געלעבט ווי גאָט אין אָדעס. אַפילו פון די טונקעלע יידישע געשעפטן האָבן די דייטשן אַוועקגעקוקט, זיך געמאַכט נישט זעענדיק... מיינע געשעפטן זענען געווען זייער גוטע. דער זומער איז געווען אַ הייסער. האָב איך באַשלאָסן צו פאַר־ברענגען מיט מיין פרוי עטלעכע וואָכן אין די טיראָלער אַלפּן. איך האָב מיך אינפאָרמירט ווען עס פליט אָפּ אַן עראָפּלאַן פון בערלין קיין אינסברוק און געקויפט 2 רייזע־בילעטן. אַ נאַכט פאַרן אָפּ־פליען, חלום איך, אַז איך שטיי מיט מיין פרוי אויפן פליפעלד מיט די טשעמאָדאַנעס, גרייט איינצושטייגן. פּלוצים פיל איך אַ האַנט אין מיין אָרעם, וואָס ציט מיך צוריק. איך דריי אויס דעם קאָפּ און דערזע — מיין מאַמע (וועלכע איז שוין העכער צען יאָר געווען טויט). מאַמע! — האָב איך אויסגעשריגן — וואָס טוסטו דאָ? — איך בין געקומען דיך וואָרענען, אַז דו זאָלסט נישט פאָרן קיין טיראָל — האָט זי געענטפערט. — וואָס הייסט נישט פאָרן? וואָס רעדסטו, מאַמע, איך האָב דאָך שוין געקויפט רייזע־בילעטן! און אַחוץ דעם...

די מאַמע האָט אָבער נאָך פעסטער זיך איינגעקלאַמערט אין מיין אָרעם און געזאָגט: לאָז פאַרפאַלן די בילעטן און פאָר נישט. — אוממעגלעך, מאַמע! — האָב איך געזאָגט — איך מוז די דאָזיקע רייזע מאַכן! און זי דאָס זעלבע: פאָר נישט, מיין זון, האָסט צייט צו מאַכן אַזאַ רייזע... און זי האָט מיך מיט אַלע כוחות געצויגן צוריק אַלץ ווייטער אַוועק פון פליפעלד.

צומאָרגנס נאָך דעם חלום האָבן מיר געדאַרפט גאַנץ פרי שוין זיין אויפן פליפעלד. דער חלום אָבער האָט מיר קיין רו נישט גע־געבן. און כאָטש איך בין געווען פריי פון יעדן אָבערגלויבן, און תמיד געלאַכט פון חלומות, האָט אָבער דער חלום שווער געדריקט אויפן געמיט. בקיצור — מיר זענען געבליבן. דעם צווייטן טאָג

איז גאַנץ בערלין אויפגעטרייסלט געוואָרן פון דעם אומגליק. אַלע צייטונגען האָבן געבראַכט די ידיעה וועגן דעם אַראָפּפאַלן פון דעם פּאַסאַזשיר־עראָפּלאַן בערלין־אינסברוק און דעם אומקומען פון אַלע פּאַסאַזשירן.

דער דערציילער האָט אַ ווײַלע געשוויגן און דאַן געזאָגט:

איך האָב קיין מאָל נישט געגלייבט אין חלומות, בין תמיד געווען ווייט פון מעטאַפיזישע נטיות. אָבער זינט יענעם חלום גלייב איך אין חלומות.

האָט דערציילט דער צווייטער, אַ ייִד אין די זיבעציקער:

דאָס איז געווען בעתן ערשטן וועלט־קריג. מיינע צוויי ייִנגערע ברידער זענען באַלד אַוועק אויף די רוסישע פראָנטן, נאָך עטלעכע חדשים בין איך אויך מאָביליזירט און געשיקט געוואָרן אויפן איטאַ־ליענישן פראָנט. ווי אַ טעלעפאָניסט איז מיין אַרבעט באַשטאַנען נישט נאָר אין איבערנעמען באַריכטן פון פראָנט צום שטאַב, נאָר איז געווען אַ פיל שווערערע און געפערלעכערע: נאָך יעדן אָנגריף אויפן שונא אָדער פון שונא אויף אונדז, האָב איך געדאַרפט אַדורכ־קאָנטראָלירן אַלע טעלעפאָן־ליניעס. און אויב אַ ליניע איז געווען איבערגעריסן, האָב איך זי תיכף געדאַרפט פאַרריכטן.

ס׳איז געווען אַ פראָסטיקער יאַנואַר־נאַכט פון דעם יאָר 1916. די טיראָלער בערג זענען מעטערהויך געווען באַדעקט מיט שניי. נאָך אַ העפטיקן אָנגריף מצד די איטאַליענער, בין איך געצוווּנגען געווען אַרויסצוגיין פון מיין אָקאָפּע און גיין קאָנטראָלירן די טעלע־פאָן־ליניעס. נאָך אַ שטיקל צייט קלעטערן אויף די פעלדזן, האָט פלוצלונג אָנגעהויבן צו האָגלען מיט קוילן פון די איטאַליענישע פּאָזיציעס. קריכנדיק אויפן בויך בין איך דערקראָכן אין אַ קלײנער הייל. מיד און דערשעפּט ווי איך בין געווען, האָבן זיך מיר צוגעקלעפּט די אויגן און — — —

פאַר מיינע אויגן האָט זיך אויסגעשפּרייט אַ ווייטער פלאַכער שטח, באַדעקט מיט טויטע זעלנער, פון איינער אַזאַ קופּע טויטע

האָט אַרויסגעשטעקט אַן אָפּגעמאָגערט געל פּנים פון אַ יונגן זעלנער
זיינע בלייכע ליפּן זענען געווען צונויפגעפּרעסט און זיינע האַלב
פאַרלאָשענע אויגן האָבן אויף מיר געקוקט מיט אַזאַ טיפן טרויער,
אַז עס האָט פאַרכאַפּט ביים האַרצן. איך האָב מיך גוט צוגעקוקט
צו דעם דאָזיקן פּנים און ווילד אויסגעשריגן: נאָטע!

איך האָב מיך אויפגעכאַפּט, געבאָדן אין שווייס און מיט גרויס
מי זיך דערשלעפּט צו מיין פּאָזיציע.

העכער 50 יאָר זענען זינט דעמאָלט אַוועק, אָבער דעם חלום
קאָן איך ביז היינט נישט פאַרגעסן. אַן אָפיציעלע מיטטיילונג פון
דער מיליטער־קאָמאַנדאָ, אַז מיין ברודער איז געפאַלן, האָבן מיר
קיינמאָל נישט באַקומען. די ענטפערס זענען תמיד געווען: „פער־
מיסט" (פעלט). ערשט עטלעכע יאָר נאָך דער מלחמה האָב איך מיך
צופעליק געטראָפן מיט איינעם וואָס האָט געדינט מיט מיין ברודער,
אין איין רעגימענט, געווען מיט אים ביז דער לעצטער רגע. ער
האָט מיר איבערגעגעבן גענוי ווען און ווו מיין ברודער איז געפאַלן:
דאָס איז געווען אין דער סביבה פון פּשעמישל אויף אַ וויטן פלאַכן
פעלד, אין אַ פראָסטיקער יאַנואַר־נאַכט פון דעם יאָר 1916 — — —

ווי זינגט דער דיכטער: „שחקי, שחקי על החלומות". אונדזער
דיכטער מיינט אַפילו חלומות פון אַן אַנדערן מין, חלומות וואָס מען
חלומט מיט אָפענע אויגן. אָבער אויך פון חלומות וואָס מען חלומט
מיט צוגעמאַכטע אויגן, איז נישט צו לאַכן.

יצחק פאַנער

# און דער זייגער גייט

אין הערצל־מוזיי אין ירושלים. איך גיי פון איין עקספּאָנאַט צום צווייטן, שטעל זיך אָפּ ביי יעדער אויסגעשטעלטער זאַך אויף דער וואַנט, הינטערן גלאָז, — פאָטאָגראַפיעס, כתב־ידן, ביכער, בריוו, דאָקומענטן, זעלטענע ווערטפולע קעגנשטאַנדן — מתנות פון אינסטיטוציעס, מלוכה־לייט, פריינד, איך באַטראַכט פאָטאָגראַפיעס וואָס ווייזן הערצלען אין פאַרשידענעם עלטער: אַלס קינד אין בודאַ־פּעסט, צוזאַמען מיט די עלטערן, אַלס שוליינגל, אַלס סטודענט. הערצל מיט דער פרוי און קינדער שוין אין ווין. הערצל אין דעם יאָר ווען עס איז דערשינען זיין „יודענשטאַט" (פעברואַר 1896), ווען זיינע פריינד און קאָלעגן פון דער רעדאַקציע „נייע פריייע פּרעסע" האָבן זיך וועגן אים אָנגעהויבן שושקען, ציען באַזאָרגט מיט די אַקסלען, אַז מיט הערצלען איז עפּעס נישט אין אָרדענונג; אַז ער וואָלט זיך געדאַרפט לאָזן באַהאַנדלען פון אַ פּסיכיאַטאָר...

אַ בילד פון הערצלען פון דער צייט פון ערשטן ציוניסטן־קאָנגרעס אין באַזעל (1897). איך טראַכט וועגן די ווערטער וואָס הערצל האָט אין יענעם טאָג, שפּעט אין אָוונט, אַריינגעשריבן אין זיין טאָגבוך: „היינט האָב איך געלייגט דעם יסוד פון דער יידישער מדינה. היינט וועט מען פון מיר לאַכן, אָבער אין פופציק יאָר אַרום וועט עס זיין אַ ווירקלעכקייט".

בלויז מיט איין איינציקן יאָר האָט די יידישע מדינה פאַר־שפּעטיקט. לויט הערצלס „אויסרעכענונג" האָט זי געדאַרפט אַנט־שטיין אין יאָר 1947...

זיין מיט דריטהאַלבן טויזנט יאָר עלטערער ברודער, דער וויזיאָ־נער יחזקאל, האָט אין זיינע וויזיעס וועגן צייט נישט גערעדט. ער

האָט מיט אַזאַ בילדערישער און פּלאַסטישער קלאָרקייט געזען ווי די טויטע טרוקענע סקעלעטן־ביינער אין טאָל טוען זיך אָן אין פלייש, ווי אין זייערע טויטע אָדערן הויבט אָן ריזלען פריש בלוט, זיי ווערן לעבעדיק. אָבער ער האָט נישט פּאָרויסגעזאָגט די צייט ווען די דאָזיקע וויזיע וועט ווערן ווירקלעכקייט. הערצל האָט די צייט פּאָרויסגעזאָגט.

— היינט וועט מען לאַכן, אָבער אין 50 יאָר אַרום — — —

בלויז מיט איין יאָר שפּעטער איז זיין נבואה מקוים געוואָרן. און וואָס ציילט איין יאָר אויף אַ צוויטוויזנטיאָריקער וואַנדערונג, אויף אַ ליידנסוועג פון שייטערס, שחיטות, תליות, גזירות, בלבולים.

איך גיי צו אַ צווייטער וואַנט. אַ בילד פון הערצלען פון יאָר 1898, אין מקוה־ישראל, שטייענדיק פאַרן דייטשן קייסער ווילהעלם דעם צווייטען. דער קייסער זיצט אויף זיין פערד, וועלכעס, פּילנדיק ווען עס טראָגט אויף זיין רוקן, שוימט עס פאַר ווילדער פרייד, פאַררייסט פאַר גאווה זיין איידעלן רייןראַסיקן פערדישן קאָפּ...

הערצל קוקט אַרויף צום קייסער מיט אונטערטעניקן דרך־ארץ, אָבער מיט אַ פעסטן און שטאָלצן אויסדרוק אין זיין בליק. אַ בליק וואָס בעטלט נישט, נאָר פאַרלאַנגט, פאָדערט, רעדט צום געוויסן פון דער וועלט.

די עקספּאָנאַטן הינטערן גלאָז דערציילן און דערציילן, שאַפן די הערצל־אַטמאָספער. עס וואַקסט אויס אַ לעגענדאַרע געשטאַלט. אַ וווּנדער־מעשהלע, וואָס מען הייבט אָן דערציילן מיט „אַמאָל איז געווען". דאָס דאָזיקע געשטאַלט וואַרפט אָבער פון זיך אָפּ די לעגענדאַרע שלייערן און שטייט פאַר אונדז רעאַל, ממשותדיק, נאָענט, ווען מיר קומען צו צום עיקר פון מוזיי — צום הערצל־צימער. דאָ פילסטו הערצלס לעבעדיקן אָטעם. דאָ האָסטו דאָס געפיל, אַז אָט וועט זיך באַלד עפענען די טיר פון הערצלס צימער, ס'וועט זיך באַווייזן דאָס מאַיעסטעטישע געשטאַלט, מיט דער שיינער שוואַרצער

באָרד און די קלאָרע ליכטיקע אויגן, ער וועט זיך אָוועקזעצן צו זיין שרייבטיש און זיך נעמען אַרבעטן.

זיין אַרבעט־צימער: אַ שרייבטיש, שווערע טיפע פאָטעלן, אַ ביכערשראַנק, אָנגעפּראָפּט מיט ביכער. אויף דער וואַנט אַקעגן שרייבטיש — פאַמיליען־בילדער. אין ווינקל לינקס — אַ טעלעפאָן־אַפּאַראַט פון פאַר 60—70 יאָר, אין דער גרייס פון אַ קליין שענקל. ביי אָט די אַפּאַראַטן איז מען נאָך געווען אָפּהענגיק פון דער שטי־מונג און די קאַפּריזן פון די „פרייליינס" פון דער „צענטראַלע", אויף צו באַקומען אַ פאַרבינדונג...

די מעבל־שטיקער זענען שווערע, פעסטע, ווי צוגענאָגלט צו זייערע ערטער, אין קעגנזאַץ צו דער לייכטער געמיטלעכער ווין, צו די, ווי די בלויע דונאַי־כוואַליעס, זיך וויגנדיקע ווינער וואַלסן... אָבער פעסט און זיכער זענען זיי ווי די עסטרייך־אונגאַרישע מאָנאַרכיע אונטער דער הערשאַפט פון קייסער פראַנץ יאָזעף.

איין פענצטער פון צימער גייט אַרויס אין אַ גאָרטן. דער קינסטלער האָט אויף די שויבן פונעם פענצטער אַזוי לעבעדיק אויסגעמאָלן דעם „דרויסן", אַז מ'זעט ממש, ווי די גרינע צווייגן פון אַ בוים באַוועגן זיך אין לייכטן זומער־ווינטל: מ'הערט זייער שטילן גערויש.

אויף אַ וואַנט הענגט אַן אַלטמאָדישער גרויסער וואַנטזייגער מיט אַ גלאָזראָם. דער זייגער גייט.

אין די יאָרן ווען יידן זענען געשאָכטן, לעבעדיק באַגראָבן, פאַרגאַזט געוואָרן אין די מיליאָנען; ווען היטלערס „ענדלייזונג" איז מיט אַ קאַלטבלוטיקער, סיסטעמאַטישער גרינטלעכקייט דורכגע־פירט געוואָרן — דעמאָלט האָט הערצלס זייגער זיך געפונען ווייט פון היטלערס גיהנומס. און דאָרט, ווו ער האָט זיך געפונען, האָט מען אים רעגלמעסיק און פינקטלעך אויפגעצויגן. דער זייגער האָט זיך אויף קיין רגע נישט אָפּגעשטעלט...

און איצט הענגט הערצלס גרויסער און שיינער וואַנטזייגער ווידער אויף דער וואַנט פון זיין רעקאָנסטרויִרטן אַרבעטס־צימער. דאָסמאָל שוין אין דער מעטראָפּאָליע פון זיין אויסגעחלומטן, אויסגעפיבערטן „יודענשטאַט״.

און דער זייגער גייט...

# איך קאָן אַליין

ביי זיין איינשטייגן האָט זיך דער אויטאָבוס לענגער ווי געוויינלעך פאַרהאַלטן. ווי שטאַרק ער האָט זיך נישט באַמיט, אַז ער זאָל דאָס וואָס גיכער מאַכן, האָט פאָרט געמוזט געדויערן ביז ער האָט זיך מיט זיינע צוויי הילצערנע קוליעס אַריינבאַקומען אין אויטאָבוס.

איין פוס האָט ביי אים אין גאַנצן געפעלט, דער צווייטער איז אויך נישט געווען נאָרמאַל. דער אויטאָבוס איז געווען באַזעצט. אַ יונגע שיינע פרוי האָט איר קליין טעכטערל געהייסן אויפשטיין און דער 33—35־יעריקער אינוואַליד האָט זיך אַוועקגעזעצט.

דאָס קינד האָט געפּלאַפּלט מיט דער מוטער, געפרעגט פאַרשידענע קינדישע פראַגן. די מוטער האָט פון דער זייט געכאַפּט אַ פאַרגנבעטן קוק אויף דעם בחור ביי איר זייט. אירע אויגן האָבן אַ רגע גערוט אויף זיין מענלעך־געזונטן נאַקן, אויף זיין שיין פּנים. דאַן האָט זי זיך ווידער געווענדעט צום קינד, געענטפערט אויף די פראַגן און צערטלעך געגלעט דעם קינדס קעפּל.

דער בחור האָט אַרויסגענומען פון טאַש אַ צייטונג און גענומען אַריינקוקן. דאָס קינד האָט נישט אויפגעהערט צו פּלאַפּלען, שטעלן פראַגן פון וועלכע די אַרומיקע האָבן געלאַכט. דער מוטערס וואַרעמע מעלאָדישע שטימע, ענטפערנדיק דעם קינד, האָט כסדר געקלונגען אין דעם בחורס אויערן. ער האָט טיפער פאַרגראָבן דעם קאָפּ אין דער צייטונג. ווי דאָס געלייענטע וואָלט אים אין גאַנצן פאַרכאַפּט.

נאָך עטלעכע סטאַציעס האָט דער בחור אַ כאַפּ געטאָן זיינע קוליעס, זיך אויפגעשטעלט. עמעץ האָט פאַר אים געעפנט די הינ־טערשטע טיר. די יונגע פרוי איז אויך אויפגעשטאַנען, כדי אים

צו העלפן ביים אויסשטייגן. און ווען דער בחור האָט דערפילט דער פרויס ווייכע האַנט אין זיין אָרעם, האָט ער כמעט גראָב אויסגערופן:

— לאָזט, איך קאָן אַליין! — און ער איז מיט אַן אומגלויבלעכער פלינקייט אויסגעשטיגן.

# די באַליידיקטע

מיט געבויגענע קעפּ שטייען זיי ביים אָפענעם קבר פון זייער קאָלעגע, דעם שרייבער ב., און הערן זיך צו שווייגנדיק צו די פילע הספדים. שבחים, שבחים, שבחים. עס ווערט באַזונדערס אונטערגעשטראָכן זיין יונגער טויט. אין פאַל ב. פּילן די קאָלעגן, זענען אַלע שבחים באַרעכטיקטע. נישט קיין איבערגעטריבענע, ווי געוויינלעך אין אַזעלכע פאַלן.

ב.'ס טויט איז געקומען ווי אַ דונער פון לויטערן הימל. אַזוי פּלוצלונג, אַזוי אומגעריכט, אַזוי אינמיטנדערינען. ער איז געווען אין די בליענדיקסטע יאָרן. אָנהייב פערציקער. ערשט מיט עטלעכע טעג צוריק האָט ער מיט די זעלבע קאָלעגן באַגלייט צו זיין אייביקער רו אַן אַנדערן קאָלעגע. ער איז געווען פול מיט לעבן. מיט שאַפונגסלוסט. זיין לעצט בוך האָט באַקומען זייער גוטע אָפּרופן. גייענדיק פון דער לוויה האָט ער גערעדט וועגן אַן ענגלישער איבערזעצונג און אויסגאַבע, מיט וועלכער ער איז שוין אַזוי גוט ווי זיכער געווען. געווען פול מיט פּלענער, ענערגיע, חלומות, האָפענונגען. ער האָט מיט גיכע און זיכערע טריט נאָר וואָס אָנגעהויבן שטייגן אויף דער לייטער פון רום. פון גליק.

ערשט מיט עטלעכע געציילטע טעג איז דאָס געווען.

שווייגנדיק זענען איצט די חברים געשטאַנען ביי זיין אָפענעם קבר. און יעדער האָט פאַר זיך געטראַכט דאָס זעלבע:

וואָס נוצט דאָס אַלץ — זאָרגן, האַסטן, שטרעבן? אַז דער ענדציל פון אַלע צילן איז — דאָס. אַז יעדע רגע קאָנסטו ווערן אַראָפּגעשאָסן אין מיטן העכסטן, שענסטן פלי.

— ס'איז ווי אַ חוזק — האָט איינער שטיל געזאָגט.

— ווי אַ באַליידיקונג — האָט אַ צווייטער באַמערקט.

— יאָ, אַ באַליידיקונג — האָבן מערערע צוגעשטימט.

מען האָט פאַרלאָזט דעם בית־עלמין און איינגעשטיגן אין אַן אויטאָבוס.

נאָך עטלעכע מינוטן האָט איינער איבערגעריסן דאָס שווייגן:

— קינדער, וואָס זאָגט איר נישט צו ג.׳ס דערפאָלג? דער מענטש ווייסט שוין נישט ווי אַזוי דעם קאָפּ צו האַלטן. ער וועט שוין באַלד אויפהערן צו דערקענען חברים, פונקט ווי אַ מאָל — —

— און ווי געפעלט אייך ש.׳ס אָפּשאַצונג?

— דער דאָזיקער ש. איז שוין אין גאַנצן עובר־בטל!

— אָבער עפּעס האָט ער דאָך פאָרט געדאַרפט געפינען אין דעם בוך.

— אומזין! פון אָנהייב ביזן סוף איז דאָס ראַפינירטע מוח־קאָמבינאַציע.

— געוואָלט זיין פאַר יעדן פּרייז ביי, אָריגינעל.

— איך האַלט די זאַך פאַר פּשוטע גראַפאָמאַניע.

— איך אויך.

בעת דעם שמועס האָט מען נישט באַמערקט ווי ביי איינער פון די סטאַציעס איז דער דיכטער ל. אויסגעשטיגן צוזאַמען מיט דער שיינער יונגער פרוי פון דעם פּובליציסט און עסקן ר. (וואָס ווײַלט גראָד אין אויסלאַנד אויף אַ קורצער שליחות).

ווי גיך זיי האָבן אַלע מוחל געווען די באַליידיקונג...

# די מאָדעלקע

ער איז געקומען אין לאַנד אַריין פון אַ ווייטער דרום־אַמעריקאַנער מדינה. זי — פון יענער זייט אייזערנעם פאָרהאַנג. ער האָט אויפגעציטערט, הערנדיק אַז זי געפינט זיך אין לאַנד שוין העכער אַ יאָר.

זיין ערשטע מאָדעלקע! מאָדעלקע? פאַר דעם מאָלער — יאָ, אָבער פאַר אים פערזענלעך אַ סך, אַ סך מער. ער דערמאָנט זיך נאָך אַלע פרטים ווי אַזוי דאָס האָט זיך אָנגעהויבן. זי איז געקומען צו זיין ערשטער בילדער־אויסשטעלונג מיט אַ חברטע. דער מאַן, אַן אייביק פאַריאָגטער, פאַרהאַוועטער אין מסחר, מער אויף געשעפטס־רייזעס ווי אין דער היים, האָט פאַר „אַזעלכע זאַכן" קיין צייט נישט געהאַט. און אויך נישט קיין אינטערעס.

זי האָט אים אויפן ערשטן בליק פאַרכאַפּט. איר שיין פּנים? נישט דאָס אַליין. ס׳איז געווען עפּעס מער, עפּעס אַנדערש, שטאַרקערס. עפּעס אַזוינס, וואָס האָט נישט קיין נאָמען, אָבער וואָס ווירקט ווי אַ כּישוף.

זיי זענען זיך באַלד געוואָרן נאָענט. זייער נאָענט. ער איז נישט מיד געוואָרן מאָלן איר פּאָרטרעט, געפּרוווט אַרויסברענגען דעם סוד, דאָס „אייביק ווייבלעכע" פון איר שמייכל. אירע בילדער זענען גיך צעכאַפּט געוואָרן. ער האָט זיי נישט גערן פאַרקויפט. בלויז איין בילד — לויט זיין מיינונג דאָס געלונגענסטע — האָט ער באַוויזן אָפּצושפּאָרן פאַר זיך. און ער האָט עס אין די אַלע יאָרן געהיט ווי אַן אויג אין קאָפּ.

ס׳איז געקומען די גרויסע צעשיידונג. ער האָט אויסגעוואַנדערט. נאָך אין די צוואַנציקער יאָרן. ביים אויסברוך פון דער מלחמה, האָט זי מיט דער פאַמיליע זיך עוואַקואירט קיין רוסלאַנד.

ער האָט באַלד אויסגעפונען איר אַדרעס און זי באַזוכט. נאָך עטלעכע פּערציק יאָר צעשיידונג. זי האָט דערלאַנגט כּיבוד. ביים דרייען זיך פון שטוב אין קיך אַריין און צוריק, האָט ער באַמערקט איר שווערן גאַנג און איר עטוואָס געבויגענע פּלייצע. ער האָט אויך באַמערקט, אַז ווען ער רעדט, קוקט זי אָנגעשטרענגט אויף זיינע ליפּן. אַ סימן פון נישט הערן גוט.

אַוועקגייענדיק פון איר, האָט ער געהאַט דאָס געפיל, אַז ער איז געקומען פון אַ לוויה. אַז ער האָט באַגלייט צו איר אייביקער רו זיין יוגנט־ליבע.

פון דאָרט איז ער אַוועק אין זיין אַטעליע — צו דעם לעבעדיקן פּאָרטרעט פון זיין טויטער מאַדעלקע...

# נישט פון פאַרקילונג

מיר זענען געזעסן אין אַ היימישער געזעלשאַפט. דער שמועס האָט זיך דער עיקר געדרייט אַרום די גרויסע קעלטן פון היינטיקן ווינטער.

— איך בין דאָך שוין אין לאַנד נישט פון נעכטן — האָט אייגער פון די געסט געזאָגט —. נאָר אַזאַ ווינטער האָב איך נאָך נישט מיטגעמאַכט.

— מיר האָבן שוין פאַרגעסן די פּוילישע ווינטערס מיט די שנייען ביז איבער די קני מיט 30—35 גראַדיקע פרעסט — האָט אַ צווייטער באַמערקט.

— דאָרט האָט מען אָבער די קעלט נישט אַזוי געפילט ווי דאָ — האָט אַ דריטער געזאָגט — מען איז געווען צוגעפּאַסט צו יענע קעלטן: מיט די שווערע מאַנטלען און פוטערס, מיט די פעלצענע היטלען, מיט די וואַרעמע שניישיך. און אין די שטובן האָבן געגליט די קאַכל־אויוונס און פאַרשפּרייט אַ ליבע וואַרעמקייט. דאָ אָבער...

און פון די קעלטן איז דער שמועס אַריבער צו יענע משוגעים וואָס דאָס באָדן זיך דעם גאַנצן ווינטער אין ים איז ביי זיי געוואָרן אַ מין רעליגיעזער קולט... די מיטגלידער פון דער דאָזיקער „סעקטע" — האָט מען דערציילט — שטייען טעגלעך אויף, ווען אין דרויסן איז נאָך שטאָקפינצטער, מאַכן דורך לענג־אויס דעם ים־ברעג אַ מאַרש פון עטלעכע קילאָמעטער (פאַרשטייט זיך אין די באָדהויזן), דאַן שטעלן זיי זיך אַוועק אָפריכטן מיט גרויס כוונה און יראה די מאָרגנדיקע גימנאַסטיק (אונטער דער קאָמאַנדע פון אַן אייגענעם „שליח ציבור") און דאַן שפּרינגען זיי אַלע אַריין אין אייז קאַלטן ים...

— כ׳וועל אייך זאָגן דעם אמת — האָט זיך אָנגערופן איינער פון די געסט — ווען איך בין היינט יינגער מיט 20 יאָר, שליס איך מיך תיכף אָן אין דער דאָזיקער חברה „משוגעים״. איך בין זיי פון האַרצן מקנא. באַרעכנט, וויפל קראַנקהייטן ס׳קומען אַלץ נישט פון פאַרקילונגען. און די דאָזיקע מענטשן זענען פאַרהאַרטעוועט קעגן יעדער פאַרקילונג. זיי באַקומען נישט קיין קאַטאַר, קיין האַלדז־אָנצינדונג, קיין לונג־אָנצינדונג, קיין היץ יעדן מאָנטיק און דאָנער־שטיק, ווייסן נישט פון קיין „שטעכעניש און ברעכעניש״...

— פון דעסטוועגן — האָט זיך אָנגערופן אַ צווייטער פון די געסט — האָט איינער פון די ווינטערדיקע ים־באָדער זיך דאָ נישט לאַנג, נאָך איינער אַזאַ ים־באָד, אַוועקגעלייגט און איז שוין מער נישט אויפגעשטאַנען. געשטאָרבן צו 48 יאָר.

— איר מיינט זיידמאַנען?

— אוודאי מיין איך אים.

— אָבער זיידמאַן איז דאָך נישט געשטאָרבן פון אַ פאַרקילונג.

— נישט פון אַ פאַרקילונג?

— חס וחלילה! — האָט דער אָנהענגער פון די ווינטערדיקע ים־טובלער אויסגערופן — זיידמאַן איז געשטאָרבן פון אַ בלוט־אויסגוס אין מוח, אויסדריקלעך — פון אַ בלוטאויסגוס און נישט פון אַ פאַרקילונג!

# קאָמפּלימענטן

זי האָט נאָך קיין מאָל נישט באַקומען אַזויפיל קאָמפּלימענטן ווי אין די לעצטע יאָרן. „מ׳וואָלט אייך נישט געקענט געבן מער ווי 30, העכסטנס 35...״ „איר האָט אַ פּנים און אַ פיגור פון אַ 25־יעריקער...״ אָדער קאָן זי אַ מאָל אַ מאַן שמייכלענדיק געבן אַ פרעג: „ווען פייערט איר אייער 30טן געבורינסטאָג?...״ אָ, ווען זיי אַלע ווייסן, ווי יעדער קאָמפּלימענט שטעכט זי, טוט איר וויי, דערמאָנט זי רק אין די 60 יאָר צו וועלכע זי דערנענטערט זיך שוין!

פאַרוואָס האָט מען איר נישט געמאַכט קיין קאָמפּלימענטן דעמאָלט, ווען זי האָט זיך טאַקע געפונען אין יענע יאָרן?

ווען נישט די אייביקע קאָמפּלימענטן, וואָלט זי אָפּט געקענט פאַרגעסן אירע אמתע יאָרן; וואָלט זי זיך אָפּט געקענט פילן אין די יאָרן, וועלכע מען גיט איר. יאָ, זי וואָלט אָפּט געקענט פאַרגעסן, ווען נישט די קאָמפּלימענטן, וואָס האַלטן זי אין איין דערמאָנען, אַז זי איז נישט מער יונג...

# דאָס העמד

מיין עוזרת האָט פון מיר פאַרלאַנגט ריינע שמאַטקעלעך צו פוצן די פענצטער, צו ווישן שטויב און אַנדערע ענלעכע צוועקן. איך האָב געזוכט אין מיין וועששראַנק און געפונען צווישן די אָוועקגע־לייגטע, שוין נישט געטראָגענע זאַכן, אַ ווייס העמד. ס׳איז כמעט געווען ניי, בלויז דער קאָלנער איז געווען איינגעריסן. דאָרט, אין די אַלטע היימען, פלעגט מען העמדער פאַרריכטן. אַפילו גאַנץ פאַר־מעגלעכע מענער האָבן זיך נישט געשעמט צו טראָגן אַ העמד מיט אַ לאַטקעלע, אויב ס׳איז נאָר געווען שיין. פאַכמעניש אַריינגענייט. דאָ אָבער לוינט נישט צו פאַרריכטן העמדער. קוים נאָר עפּעס אַ פּגם, איז גלייך אַוועקגעוואָרפן און געקויפט ניי.

דאָס העמד, וואָס איך האָב איצט איבערגעגעבן דער עוזרת, האָט געהערט צו מיינע „ליבלינג־העמדער". ס׳האָט אַזוי סאַמעטנע־ווייך אַרומגענומען מיין לייב. דער קאָלנער איז אַזוי צוגעפּאַסט געווען צום האַלדז, אַזוי גלעטנדיק אים אַרומגענומען.

די עוזרת האָט דאָס העמד אַ נעם געטאָן און אָנגעהויבן רייסן פון אים שטיקער. מיט איין ריס איז געווען איבערגעריסן די ברוסט, מיט אַ צווייטן — דער שיינער ווייכער סאַמעט־קראַגן. נאָך עטלעכע ווייטערדיקע ריסן, און דאָס העמד איז מער קיין העמד נישט געווען, נאָר שטיקער שמאַטעס.

איך בין געשטאַנען און זיך צוגעקוקט צו דער אָפּעראַציע פון דער עוזרת, און איך האָב נישט פאַרשטאַנען, פאַר וואָס נאָך יעדן ריס אין העמד, האָט זיך אויך אין מיר עפּעס אָפּגעריסן, און פאַר וואָס ס׳האָט מיך אַרומגענומען אַזאַ טרויער.

# די באַליידיקטע פרוי

צום ווייניקסטן איין מאָל אין וואָך האָט ער באַזוכט זיין פריינד, וואָס איז שוין העכער דריי יאָר געלעגן אויף אַ כראָנישער קראַנקהייט, אַן גרויסע האָפענונגען ווידער געזונט צו ווערן.

יעדעס מאָל ווען ער האָט זיך אויפגעהויבן אויף אַוועקצוגיין, האָט אים דעם קראַנקנס יונגע פרוי באַגלייט. זיי זענען אַדורכגעגאַנגען דעם סאַלאָן, דעם לאַנגן האָל, און אָפּשטעלנדיק זיך פאַר דער אויסגאַנג־טיר, פלעגן זיי נאָך אַ ווײַלע רעדן. אונטער די אויגן פונעם קראַנקן, האָט די פרוי געקענט פריי רעדן וועגן שווערן מצב פון מאַן, איבערגעבן די נישט זייער האָפערדיקע מיינונגען פון די דאָקטוירים, אדג״ל.

איין מאָל, שטייענדיק מיט איר פאַר דער טיר און אויסהערנדיק אירע באַריכטן, איז עפּעס אויסערגעווײנלעכס געשען: ער האָט זי פלוצלונג איינגעשלאָסן אין זיינע אָרעמס און זי ליידנשאַפטלעך געקושט. זי האָט זיך אים שווייגנדיק איבערגעגעבן. ער האָט געפילט דעם קעגנדרוק פון אירע הייסע ליפּן. איין רגע האָט עס געדויערט. דאַן האָט ער זיך פון איר אַרויסגעריסן און איז שנעל אַוועק.

די צווייטע וואָך האָט ער פאַרמיטן זיך צו באַגעגענען מיט אירע בליקן. און אַז זיי האָבן זיך אָפּגעשטעלט ביי דער אויסגאַנג־טיר, האָט ער דאָס מאָל מער ווי תמיד זיך אויסגעפרעגט וועגן מצב פון דעם קראַנקן.

אין די ערשטע צוויי—דריי וואָכן נאָך יענעם פאַל, האָט ער געמיינט, אַז עס דאַכט זיך אים נאָר, אַז זי איז צו אים קילער געוואָרן. נאָר וואָס ווייטער האָט ער אַלץ דייטלעכער געפילט איר קילקייט. ער האָט מער נישט געפילט אין איר שטימע די פריערדיקע וואַרעמקייט און היימישקייט.

זי איז נישט מער ווי גערעכט! — האָט ער זיך אַליין אויס־געזידלט. ער האָט דאָך געהאַנדלט געמיין, וואָס געמיינער קאָן נישט זיין! ווי קאָן זי אויף אים אַנדערש קוקן ווי אויף אַ זשוליק, אַ נידעריקע, אוממאָראַלישע בריאה! אַ מענטש, וואָס איז געווען גרייט צו פאַרראַטן אַ קראַנקן פריינד!

וואָך פאַר אַ וואָך איז ער ווייטער געקומען, און יעדעס מאָל האָט זי אים, ווי פריער, באַגלייט ביז צו דער טיר. בלויז באַריכטעט וועגן קראַנקן האָט זי איצט וויניקער. און אויך גערעדט וויניק.

איר קילע העפלעכקייט האָט אים קיין רו נישט געגעבן, אים אַלץ מער געפייניקט. געגרויבט דעם שלאָף פון די נעכט. און ווען זי האָט אים נאָך איינעם אַ באַזוך ווידער באַגלייט צו דער טיר, האָט ער זיך מער נישט געקענט באַהערשן און אָנגעהויבן רעדן: אַז זי זאָל אים אַנטשולדיקן יענע מיאוסע האַנדלונג... אַ מענטש קאָן אַ מאָל נישט פאַראַנטוואָרטלעך זיין פאַר זיינע מעשים... ס'קאָן טרעפן אַז אַ געוויסנהאַפטער ריינער מענטש זאָל אַ מאָל באַפאַלן ווערן פון טיוולאָנישע כוחות און אָפּטאָן זאַכן, וועלכע ער וואָלט אין אַ נאָרמאַלן צושטאַנד קיינמאָל נישט געטאָן... ער בעט דעריבער, אַז זי זאָל יענעם אינצידענט פאַרגעסן... זי מעג זיין זיכער, אַז אַזאַ זאַך וועט זיך קיין מאָל נישט מער איבערחזרן... אַז דאָס וועט בלייבן אַן עפּיזאָד...

ער האָט גערעדט און גערעדט. און ער האָט נישט געקענט פאַרשטיין, פאַרוואָס אויף אירע ליפּן האָט בעת זיין רעדן געשוועבט אַזאַ מאָדנער ביטול־ און חוזק־שמייכל...

# דורך דער הינטערשטער טיר

דאָס ווייסט שוין ביי אונדז יעדער: די הינטערשטע טירן פון יענע אַלטע אויטאָבוסן, ווו דער שאָפער פּאַרקויפט אויך בילעטן, איז בלויז צום אויסשטייגן. אַריינגיין דורך דער „דלת אחורית" איז שטרענג פאַרבאָטן. דורך זיין שפּיגעלע, וואָס הענגט פאַר די אויגן פון שאָפער, זעט ער אַלץ וואָס עס טוט זיך הינטער אים. און מעג דער אויטאָבוס זיין ווי געפּאַקט, וועט ער גלייך באַמערקן אויב עמעץ איז אַריין דורך דער הינטערשטער טיר. איז דער בהג אַ לייטישער מענטש, אַ רודף־שלומניק, וועט ער זיך נישט מאַכן ווייסנדיק און נישט זענענדיק, און אַלץ וועט גלאַט אָפּלויפן. פאַראַן אָבער שאָפערן, וואָס ווייסן נישט פון קיין חכמות, זיי וועלן זיך נישט רירן פון אָרט ביז דער שולדיקער וועט נישט אויסשטייגן.

די מיינסטע פּאַסאַזשירן גייען בלית־ברירה אַראָפּ און שטייגן ווידער איין פון דער פאָדערשטער טיר. פאַראַן אָבער אַזעלכע, וואָס ווילן זיך נישט אַזוי לייכט אונטערגעבן. דעמאָלט שטייט דער אויטאָבוס. די פּאַסאַזשירן זענען אויפגעבראַכט, שרייען און ליאַרע־מען, עס איז אַרבעטצייט, און צוליב עפּעס אַ פאַרשוין זאָלן אַלע פאַרשפּעטיקן! פּרווט מען מיטן בעל־דבר קודם מיט גוטן, און אַז עס העלפט נישט, פאַלט מען אָן אויפן עקשן, מען מאַכט אים מיט דער בלאָטע גלייך, און ערשט אַז עס גיבן זיך צו אים אַ לאָז עטלעכע יונגע געזונטע יאַטן — ערשט דעמאָלט קאַפּיטולירט דער דווקאניק און שטייגט אויס.

אַנומלט פאָר איך אין דער פרי אין אַן איבערגעפּולטן אויטאָ־בוס. ביי אַ געוויסער סטאַציע איז אַ פרוי אַריין דורך דער הינטער־שטער טיר, ווייל די פאָדערשטע האָט דער שאָפער פאַרמאַכט שוין נאָך די ערשטע 2—3 פּאַסאַזשירן מיט אַ — „לא יותר". — אין דער

געדיכטעניש פון אויטאָבוס האָט דאָס קיינער נישט באַמערקט — אַ חוץ דער שאָפער. און געווען איז דאָס איינער פון יענע שאָפערן, וואָס ווילן נישט — נישט־דערזען, איז סטאָפּ! ער פאָרט נישט ווייטער און רופט:

— די פרוי, וואָס איז אַריין דורך דער הינטערשטער טיר, אַל תיכף אויסשטייגן!

די פרוי רירט זיך נישט. דער שאָפער לאָזט אָבער נישט אָפּ: ער וועט ווייטער נישט פאָרן ביז די גברת וועט נישט פאַרלאָזן דעם אויטאָבוס — דערקלערט ער פייערלעך.

ברעכט אין אויטאָבוס אויס אַ שטורעם אויפן חשבון פון דער פרוי. סטייטש אַזאַ חוצפה! לאָזן שטיין אַ פול־געפּאַקטן אויטאָבוס! עס הייבן זיך שוין אַפילו קעגן איר הענט, וואָס ווילן זי מיט געוואַלט אַרויסשטופּן פון אויטאָבוס.

דאָ רופט אויס די פרוי:

— רבותי, איך פאָר אין שפּיטאָל אַריין צו מיין קראַנקן קינד... צו מיין שווער קראַנקן קינד!... איך טאָר נישט פאַרשפּעטיקן... איר פאַרשטייט? איך טאָר נישט.. איר קול רייסט זיך פּלוצלונג איבער און די פרוי ברעכט אויס אין אַ געוויין

אין אויטאָבוס ווערט אַ טויטן־שטילקייט.

— דאָס האָב איך דאָך נישט געוווּסט — האָט זיך דער שאָפער ווי פאַרענטפערט און תיכף געלאָזט אין גאַנג דעם אויטאָבוס.

די נאָר וואָס אויפגעהויבענע הענט האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט און פון אַלע בענק האָט מען דער פרוי אָנגעבאָטן אַ פּלאַץ צו זיצן.

# דער קראַנקנבאַזוך

לינאַ האָט אים אָנגעקלונגען אין זיין משרד. ווי דער מנהל פון דער אונטערנעמונג, האָט ער אין זיין סעפּאַראַטן אויפנעם־צימער געקענט מיט איר תמיד פירן לאַנגע טעלעפאָנישע שמועסן, און זיין זיכער, אַז קיינער הערט זיי נישט. דאָ האָבן זיי געקענט רעדן וועגן אַלץ פריי און אָפן, וויפל זיי האָבן נאָר געוואָלט. היינט אָבער האָט ער גלייך דערקענט די ענדערונג, גלייך געפילט, אַז עפּעס איז געשען. איר שטימע האָט געציטערט. זי האָט אים קורץ מיטגעטיילט, אַז פון דעם היינטיקן צונויפטרעף זייערן אויף דעם אָפּגערעדטן פּלאַץ, וועט גאָרנישט ווערן: יאָסי ליגט שוין צוויי טעג קראַנק, און זי קאָן פון אים אויף קיין רגע נישט אַוועק.

אין דעם זעלבן אָוונט איז ער מיט זיין פרוי געגאַנגען מבקר־חולה זיין דעם פריינד. ער האָט אים געטראָפן ליגן אין בעט מיט גרויסע ווייטיקן אין מאָגן. מען האָט געוואַרט אויפן דאָקטער. לינאַ, אַ בלייכע, אַ נישט אויסגעשלאָפענע, איז פון מאַנס בעט נישט אָפּגעטרעטן. אים דערלאַנגט די מעדיצין, געטאַפּט יעדעס מאָל דעם שטערן, אים געגלעט, געצערטלט, געטרייסט, אַז די ווייטיקן וועלן מיט גאָטס הילף באַלד אויפהערן. ער וועט זען...

נאָך אַ האַלבער שעה זיצן, האָט ער זיך דער ערשטער אויפ־געהויבן אויף צו גיין. לינאַ האָט אויף אים געוואָרפן אַ בליק, און ערשט איצט באַמערקט זיין אָנגעברוגזט פּנים.

אַז זיי זענען אַוועק, האָט זי זיך פאַרטראַכט. זיך געפרעגט: פאַרוואָס איז ער אַזוי גיך אַוועק? און פאַרוואָס איז ער אַוועק אַזאַ געררייצטער? זאָל אים האָבן פאַרדראָסן איר איבערגעגעבנקייט צום קראַנקן מאַן? אָבער ער איז דאָך אַן אינטעליגענט, האָט אַזאַ פילבאַרע צאַרטע נשמה. האָט ער דאָך געדאַרפט פילן איר שווער

געמיט, געדאַרפט וויסן, אַז אַ פּרוי קאָן נישט בלייבן גלייכגילטיק, זעענדיק דעם מאַן אַזוי ליידן! פאַרוואָס זאָל ער אַזאַ פּשוטע און נאַטירלעכע זאַך נישט פאַרשטיין?

אַהיימגייענדיק האָט די פּרוי נישט געקענט פאַרשטיין, פאַרוואָס איר מאַן רעדט דעם גאַנצן וועג נישט אַרויס קיין וואָרט, פאַרוואָס ער איז אַזוי נערוועז, צעטראָגן. אמת, טאַקע אַ פריינד, און ווייטיקן אין מאָגן רופן טאַקע אַרויס אַ חשד, זענען תמיד פאַרדעכטיק. אָבער צו שטאַרק טאָר מען זיך פאָרט נישט נעמען צום האַרצן...

# די ענדערונג

זיי זענען לאַנג „געגאַנגען" ביז צו דער חתונה. און געגאַנגען זענען זיי נישט אַנדערש ווי געאַרעמט, אָדער זיך געפירט ביי די הענט, ווי קינדער. זי האָט טאַקע אויסגעזען ווי אַ קינד — אַפילו שוין נאָך דער חתונה. (ער האָט זי נישט אַנדערש גערופן ווי: מיידעלע) און אויך דעמאָלט זענען זיי געגאַנגען אויף דער גאַס פעסט געאַרעמט, צוגעטוליעט צו זיך, ווי זיי וואָלטן מורא געהאַט זיי זאָלן זיך נישט פאַרלירן איינער פון אַנדערן.

איז אַוועק אַ יאָר און אַ יאָר. דאָס „קינד" איז שוין אַליין געוואָרן אַ מאַמע פון אַ קינד. איצט האָבן די טאַטע־מאַמע זיך שוין נישט געפירט ביי די הענט, נאָר געפירט אַ קינד ביים הענטל און ווידער איז אַוועק אַ יאָר און אַ יאָר. ס׳איז צוגעקומען אַ צווייט קינד. און שפּעטער — אַ דריטס. געאַרעמט אויפן גאַס גייען מאַן און ווייב שוין לאַנג נישט מער, און פירן זיך אויך נישט מער ביי די הענט. איצט פירט מען אָדער אַ קינדער־וועגעלע אָדער אַ קינד ביי די הענטלעך. אָבער דער באַנד וואָס בינדט מאַן און ווייב איז איצט נישט ווייניקער פעסט ווי פריער. ס׳בינדן געמיינזאַמע פליכטן, פריידן און דאגות, געמיינזאַמע זאָרגן און נחת פון קינדער. איצט צערטלט מען זיך נישט מער, ס׳טרעפט אַפילו נישט זעלטן אַז מ׳ווערטלט זיך איבער, מ׳זאָגט זיך אַמאָל אַ האַרב וואָרט. און אויך דאָס בינדט מער ווי עס צעטיילט...

מאַכט זיך אַ זאַך.

זיינער אַ פריינד, אַ געוועזענער שול־קאָלעגע, וואָס האָט די גאַנצע צייט געוווינט ווייט פון אים, גט זיך מיט דער פרוי און ציט זיך אַריבער אין זיין שטאָט. ער ווערט אַ טעגלעכער איינגייער ביים פּאָרפאָלק. די אַלטע פריינדשאַפט ווערט אויפסניי באַפעסטיקט.

מ׳מאַכט צוזאַמען באַזוכן ביי געמיינזאַמע פריינד, מ׳גייט צוזאַמען אין קינאָ און טעאַטער, מ׳מאַכט צוזאַמען אויספלוגן. ס׳ווערט ווי איין משפחה.

אויסערלעך האָט דער מאַן נישט באַמערקט אין זיין פרוי קיין שום ענדערונג. בלויז איין זאַך:

ביי זייערע שפּאַצירגענג זאַלבעדריט, האָט אים די פרוי ווידער אָנגעהויבן פירן אין אָרעם. און וואָס מער זי האָט זיך איצט צו אים געטוליעט, וואָס פעסטער איר האַנט האָט זיך איינגעקלאַמערט אין זיין אָרעם, אַלץ מער האָט ער געפילט, אַז זי דערווייטערט זיך פון אים...

# דער קראַנקער

איך בין אַריין אין דער אַפּטייק, כדי צו רעדן מיט עמעצן טעלעפאָניש. כ׳האָב געמוזט וואַרטן. דער טעלעפאָן איז געווען פאַר־נומען פון אַ פרוי, און איך בין געווען עדות פון דעם פאָלגנדיקן טעלעפאָנישן שמועס, וואָס עס האָט געפירט די פרוי, אויף איר „יעקישן" דייטש.

„...ניין, הער דאָקטאָר, לײדער נישט... טעמפּעראַטור? אַביסל געפאַלן נאָר וואָס קומט אַרויס, אַז ער איז זייער שוואַך.. און שרעקלעך נערוועז... אַפּעטיט? דאָס איז דאָך די צרה... נישט צו פועלן ביי אים ער זאָל עפּעס נעמען אין מויל אַריין... די מעדיצין? באַקומט ער. ס׳קומט אָבער אָן מיט כריין... וואַרפט זיך, ווערט זיך... ער פאַרמאַטערט מיך... שוין די דריטע נאַכט ווי איך האָב קיין אויג נישט צוגעמאַכט... איך הרגע זיך אַוועק?... מ׳טאָר נישט אַזוי?... איך ווייס.. נאָר וואָס זאָל איך טאָן? כ׳קאָן נישט בלייבן רויִק, אין דער צייט ווען ער... אַן איינשפּריצונג צו שטילן דעם ווייטיק? אָ, כ׳וועל אייך זייער דאַנקבאַר זיין... אַרום אַכט אַזייגער?... גוט... אַ דאַנק, הער דאָקטאָר. שלום."

די פרוי האָט אַוועקגעלייגט דאָס טרייבל מיט אַ זיפץ. כ׳האָב געקוקט אויף איר בלייבן פּנים און אַ רחמנות האָט מיך אַרומגענומען אויף איר, וואָס ליידט נעבעך אַזוי צוליב אַ ליבן און נאָענטן קראַנקן. כ׳האָב געהאַט אַ באַדערפעניש איר צו זאָגן עטלעכע טרייסטווערטער.

— איר דאַרפט זיך נישט נעמען אַזוי צום האַרצן, גברת — האָב איך געזאָגט — ס׳איז היינט אַזאַ אונטערגאַנג... כמעט אין יעדן הויז ליגט אַ קראַנקער... און נאָך אַ קליינער פּויזע האָב איך זי געפרעגט:

— ווער איז ביי אייך קראַנק? אייער מאַן?

— ניין — ענטפערט די פרוי — מיין הונט.

— אייער הונט? — האָב איך זי אָנגעקוקט מיט גרויסע אויגן.

— יאָ — האָט זי מיט אַ טיפן זיפץ געענטפערט. — שטעלט זיך פאָר: לייגט זיך אַוועק אַ שטומע, אומבאַהאָלפענע חיה מיט גרויסע ווייטיקן, מיט גרויס היץ... שוין איבער אַ וואָך — און ער קוקט אויף אייך מיט אַזעלכע הילפלאָזע רחמנותדיקע אויגן, אַז עס רייסט ממש אויס אַ שטיק האַרץ.

זי איז אַנטשוויגן געוואָרן. טרערן האָבן זי געשטיקט.

איך האָב איצט אויף דער זאַך אָנגעהויבן קוקן מיט אַנדערע אויגן. איך האָב דערזען אַ לעבעדיק באַשעפעניש, וואָס קאָרטשעט זיך פאַר יסורים, פיבערט, הערט אויף צו עסן, און נעמט איין מעדיצין, באַקומט איינשפּריצונגען — פּונקט אַזוי, אַ האָר נישט אַנדערש, ווי אַ באַשעפעניש וואָס גייט אויף צוויי פיס... מיט דעם איינציקן אונטערשיד, וואָס דער צוויי־פיסיקער „האַווקעט" אויף אַ מער פאַרשטענדלעכער (אָבער נישט תמיד קלוגערער) שפּראַך ווי דער פיר־פיסיקער...

ביים פאַרלאָזן די אַפּטייק האָט מיר די פרוי צוגעוואָרפן אַ „שלום".

— כל טוב! — האָב איך איר נאָכגערופן — און אַ רפואה שלימה פאַרן קראַנקן!...

# דער אָפּגעגאַרטער

זיי האָבן זיך באַקענט אויף אַ ליטעראַרישן אָוונט. ער איז געזעסן אַ באַנק הינטער איר. נאָר זי, מיט יענע ווייבלעכע „רעזערוו־אויגן״, וואָס „זעען״ מענער אויך הינטער זייערע פּלייצעס, האָט באַלד „דערזען״ אַז ער נעמט נישט אַראָפּ קיין אויג פון איר שיינעם האַלב־אַנטבלויזטן נאַקן און פון איר געטאָקטן האַלדז. און אַז זי האָט „צופעליק״ אויסגעדרייט דעם קאָפּ און זייערע בליקן האָבן זיך באַגעגנט. איז ווי אַן עלעקטרישער שטראָם אַדורך איר חוט־השדרה. זי האָט באַלד דערפילט, אַז דאָס איז דער מאַן פון אירע חלומות.

ער איז געווען אין די פריער פּערציקער, זי — מיט 6—8 יאָר יינגער. ביי דער צווייטער באַגעגעניש האָט ער זיך צו איר געווענדט מיט עפּעס אַ באַמערקונג, און די באַקאַנטשאַפט איז שוין געשלאָסן געוואָרן. ביי דער דריטער באַגעגעניש האָט ער זי, פּאָרזיכטיק, געפרעגט, פאַרוואָס זי גייט תמיד אַליין, אָן דעם מאַן. זי האָט שוין דעמאָלט געוווּסט, אַז ער איז אַן אַלמן. ער אָבער וועגן איר האָט נאָך גאָרנישט געוווּסט. זי האָט אים געענטפערט:

— מיין מאַן אַרבעט שווער. קומט אַהיים שפּעט, איז ער צו מיד אַרויסצוגיין. און נאָך אַ ווײַלע האָט זי צוגעגעבן:

— מיין מאַן איז אַן עלטערער מענטש...

דער פּערטער צוזאַמענטרעף איז שוין נישט געווען קיין צופעליקער. און נאָכן ערשטן אָפּגערעדטן צוזאַמענטרעף, איז געקומען אַ צווייטער און אַ דריטער, און יעדעס מאָל האָט דאָס פאַרברענגען אַלץ לענגער געדויערט. אויף אָוונטן איז מען בכיוון נישט געזעסן אויף איין באַנק. ער האָט זיך די גרעסטע מי געגעבן, אַז זי זאָל

נישט קאָמפּראָמיטירט ווערן, אַז עס זאָל אויף איר נישט פאַלן דער מינדעסטער חשד.

נאָך אַ צייט האָט זי אים אַנטפּלעקט דעם אמת: אַז איר מאַן (טאַקע אַ פּיל עלטערער פון איר), איז נאָך מיט עטלעכע יאָר צוריק געשטאָרבן. אַז זי איז אַן אלמנה.

פאַרוואָס האָט זי אים דאָס באַלד נישט דערציילט?

דערפאַר, ווייל... ווייל זי האָט אים געוואָלט געווינען, פאַר יעדן פּרייז געווינען און האַלטן... האָט איר דאָס געפיל אונטער־געזאָגט אַזוי צו האַנדלען.

איר געפיל האָט זי נישט גענאַרט: ווי נאָר ער האָט זיך דערוווּסט, אַז דער וועג צו איר איז פריי, אַז ער דאַרף זיך מער נישט שלייכן דורך ליקלעך און הינטערטירלעך, ווי אַ גנב, — איז ער פון איר אַוועק.

# דער פּאַרראַטענער

מער ווי אַלץ אין דער וועלט האָט ער ליב קינדער. קיין זאַך קאָן אים נישט אַרויסרופן אַזויפיל רייבע, לויטערע, זוניקע פרייד, ווי אַ שמייכל פון אַ קינד, קיין זאַך אין דער וועלט נישט אַזוי אַנטציקן, ווי הערן דאָס פּלאַפּלען פון אַ קינד. און קיין זאַך רופט ביי אים נישט אַרויס אַזאַ טיף רחמנות, ווי דאָס געוויין פון אַ קינד.

דאָס קינד איז פאַר אים דער אויסוועג פון אַלע לאַבירינטן, די פאַרענטפערונג פון אַלע פראַגן, דאָס ווונדערלעכסטע פון אַלע ווונדערס. איז די גרינגע אַזוי פאַרן מידן מדבר־וואַנדערער.

איבעראַל ווו ער האָט אין משך פון די אַלע יאָרן געוווינט ווי אַ לאָקאַטאָר, זענען געווען קינדער. ווי נאָר ער האָט זיך אַריינגע־צויגן אין אַ נייעם צימער, איז דאָס ערשטע געווען שליסן פריינד־שאַפט מיטן קינד פון דער באַלעבאָסטע. און די ליבע מיטן קינד האָט ער אַזוי לאַנג געשפּילט, ביז דאָס קינד איז געוואָרן... אויס קינד. איז אויסגעוואַקסן צו אַ גרויס יינגל (אָדער מיידל) וואָס האָט זיך שוין נישט געגויטיקט אין דער ליבע און די שפּילצייגן פון דעם „דוד".

האָט ער באַלד געזוכט און געפונען אַ נייע דירה מיט אַ פרישן קינד. אָבער די צייט איז נישט געשטאַנען אויף איין אָרט. און איידער ער האָט זיך אומגעקוקט, איז אויך דאָס דאָזיקע קינד אויסגעוואַקסן. האָט ער זיך באַלד געטרייסט מיט אַ דריטער ליבע...

אָבער אויך די דאָזיקע נייע ליבע זיינע האָט זיך עפּעס ווי איבער נאַכט פאַרוואַנדלט אין אַ הויכן בחור, וואָס האָט אָנגעהויבן שוועבן איבער די גאַסן, פאַרלייגט אַ האַנט איבערן אַקסל פון אַ חנעוודיק בלאָנד מיידל...

יאָ, אַלע זענען זיי פון אים אַוועק, זיינע ליבעס. איינע נאָך די אַנדערע האָבן זיי אים פאַרראַטן. און נאָך יעדן פאַרראַט איז זיין קאָפּ אַלץ גראָער, זיין רוקן — אַלץ געבויגענער געוואָרן...

# ווען דער גורל איז נישט בלינד

זיי האָבן געמאַכט אַ ווייטן שפּאַציר, די צוויי חברים, פּאַרטיפט אין אַ שמועס.ביידע יונגע, געזונטע, אויסגעפּילטע. מיר וועלן איינעם אָנרופן ראובן און דעם צווייטן שמעון.

שפּאַצירנדיק אַזוי האָבן זיי נישט באַמערקט, אַז זיי זענען שוין לאַנג אַרויס פון דער שטאָט, און פאַר זיי שפּרייטן זיך אויס ווייטע גרינע פעלדער. באַלד זענען אויך די פעלדער פאַרשוווּנדן פון זייערע אויגן, און נישט וויסנדיק ווען און ווי, — האָבן זיי זיך געפונען אין אַ ווילדן געדיכטן וואַלד. אַ שמאָל סטעזשקעלע האָט זיך געשלענגלט און זיי אַלץ טיפער און ווייטער אַריינגעפירט אין דער געדיכטעניש פון וואַלד. אַרום זיי איז אַזוי שטיל געוואָרן, ווי די גאַנצע וועלט וואָלט אויסגעשטאָרבן און נאָר זיי צוויי זענען איבערגעבליבן. און פּלוצלונג איז, ווי פון אונטער דער ערד אַרויס־געוואַקסן, פאַר זיי געשטאַנען — ער, דאָס געשטאַלט מיט דער בלאַנקער, שאַרפער קאָסע אין דער האַנט.

ווי פאַרגליווערטע זענען די ביידע חברים שטיין געבליבן, דערזעענדיק דעם דאָזיקן שליח.

— ווען פון אונדז דאַרפסטו? — האָט ראובן, קומענדיק דער ערשטער צו זיך, געפרעגט.

— און פאַרוואָס עפּעס גראָד דאָ, אונטערוועגס — האָט שמעון אַ ציטערנדיקער געפרעגט — יעדער פון אונדז האָט דאָך אַ היים, אַ בעט...

— קיינעם פון אייך דאַרף איך איצט נישט — האָט די געשטאַלט געזאָגט. און ווענדנדיק זיך צו ראובנען: — פאַרקערט, פאַר דיר האָב איך אַפילו אַ גוטע בשורה: דיר איז באַשערט אַריכת־ימים.

— ווי לאַנג? — האָט ראובן געפרעגט.

— פונקט פון הײַנט אין זעכציק יאָר אַרום וועל איך נאָך דיר קומען. נישט אַ טאָג פֿריער און נישט אַ טאָג שפּעטער...

— און איך? — האָט שמעון געפֿרעגט.

דאָס געשטאַלט האָט אויף אים אַ קוק געטאָן און געזען, אַז ער האָט נאָך צו לעבן בלויז איין יאָר. נאָר אַזוי ווי דער שליח איז איצט געווען „אויסער דינסט", און אין דער שטימונג פֿון אַ גוטן מלאך, האָט ער שמעונען נישט געוואָלט איבערשרעקן.

— וועגן דיר ווייס איך נישט. וועגן דיר האָט מען מיר נאָך נישט צוויסן געטאָן. — האָט ער געזאָגט און איז נעלם געוואָרן.

איז ראובן אַוועק פֿון וואַלד מיט זײַן אָנגעצייכנטן לאַנגן וועג. געוווּסט געגבוי דעם טאָג און דאָס יאָר פֿון זײַן טויט. האָט ער יעדן טאָג אָנגעהויבן ציילן און רעכענען די טריט, וואָס ער איז שוין אָפּגעגאַנגען און וויפֿל ער דאַרף נאָך אָפּגיין... אָנגעהויבן ציילן די מינוטן, שעהען און טעג וואָס פֿאַרגייען. זײַנע טעג האָט ער געזען, טריפֿן ווי טראָפּנס, טראָפּ־נאָך־טראָפּ, און נאָך יעדן טראָפּ ווערט פֿון זײַנע זעכציק יאָר לעבן אַלץ ווייניקער און ווייניקער... און דאָס „טראָפּן" איז נישט אָפּצושטעלן, נישט אויפֿצוהאַלטן, אויף קיין איינציקע רגע נישט. איז וועלכן צוועק האָט דער לאַנגער וועג, אַז זײַן סוף איז פֿון פֿאָרויס אָנגעצייכנט, און ער ווערט נאָך יעדן טריט, וואָס ער שטעלט, אַלץ קירצער און קירצער?

ער האָט אָנגעהויבן אויסמײַדן מענטשן, אָנגעהויבן „דימען" און אַלץ ווייניקער רעדן צו דער זאַך... אַזוי לאַנג, ביז — — —

פֿאַרענדיקט זײַנע אריכת־ימים האָט ער אין אַן אַנשטאַלט פֿאַר גייסטיק קראַנקע.

שמעון אָבער האָט באַלד פֿאַרגעסן יענע באַגעגעניש אין וואַלד. ער האָט זיך מיט זײַן גאַנצן יונגנטלעכן פֿייער אַרײַנגעוואָרפֿן אין אַ ים פֿון פֿאַרגעניגנס. און פּונקט צום יאָר נאָך יענער באַגעגעניש, איין טאָג פֿאַר זײַן פּלוצימדיקן טויט, האָט ער די נאַכט פֿאַרבראַכט אין די אָרעמס פֿון אַ געליבטער פֿרוי.

# די פּאַראַטענע

אַ בלייכע, אין שוואַרצן טרויערקלייד, איז זי, געפּירט פון אַ קרובה, נאָכגעגאַנגען נאָך דער מיטה. אָבער נישט צווישן די ערשטע. דעם סאַמע „אויבן־אָן" האָבן פּאַרנומען זיינע זין און טעכטער, שוועסטער און ברידער. פון נאָענט און ווייט זענען זיי געקומען. געקומען פּינקטלעך. צו דער מינוט. און זי האָט איצט געהאַט דאָס געפיל, ווי זי וואָלט זיך באַטייליקט אין אַ פרעמדער לוויה, ביי וועלכער זי שפּילט אַ צווייטראַנגיקע ראָלע.

אַלע זענען זיי איצט געקומען, די זין און די טעכטער, וועלכע זענען זינט דער טאַטע האָט צום צווייטן מאָל חתונה געהאַט, געווען פון אים פון דער ווייטנס. נאָר אין די זעלטענסטע פאַלן פלעגט אַ מאָל אַריינפאַלן צו אים אַ זון אָדער אַ טאָכטער. אין די מערסטע פאַלן זענען אַפילו די באַזוכן נישט געווען לשם באַזוך, כדי אַ קוק צו טאָן וואָס דער טאַטע מאַכט, נאָר כמעט תמיד האָט זיך געהאַנדלט וועגן עפּעס אַ זאַך. אַ מאָל וועגן דעם טאַטנס אַן אונטערשריפט פאַר עפּעס אַן אַמט, אָדער וועגן דעם טאַטנס אַ דאָקומענט אין וועלכן אַ זון צי אַ טאָכטער האָט זיך גענויטיקט. און דאַן זענען ווידער אַוועק וואָכן ביז דער טאַטע האָט זוכה געווען צו דערזען ביי זיך אין שטוב אַ זון אָדער אַ טאָכטער.

— מ'דאַרף איינוואַרפן דעם אויוון — פלעגט ער אין אַזאַ פאַל אויסרופן מיט אַ ווייטיקדיקן שמייכל — ס'עפּעס געפּגרט אין וואַלד!

— פאַרנומען, טאַטע — פלעגט דאַן קומען אַן ענטפער — דאָס הויז... די קינדער... אָדער פון אַ זון:

— איינגעשפּאַנט אַ גאַנצן טאָג אין יאָך. און אַז מ'קומט אַהיים פון משרד אַ מידער — — —

— יאָ, יאָ, כ׳פאַרשטיי. כ׳האָב צו דיר גאָרנישט — פלעגט דער פאָטער שוין זיין גרייט מוחל צו זיין.

אַזוי פלעגט איין מאָל אין אַ יובל אַריינפאַלן אַ זון אָדער אַ טאָכטער, פלעגט פון יוצא וועגן אויך איר, דער שטיפמאַמען, צוזוואַרפן אַ באַגריסונג, פרעגן דעם פאָטער וואָס ער מאַכט. צי דער אַסטמאַ דערקוטשעט אים נאָך אַזוי שטאַרק, און וואָס דער דאָקטער זאָגט.

דער פאָטער, וואָס האָט שוין געוווסט אַז נישט צוליבן געוויר ווערן ווי סע גייט אים, איז דער זון (אָדער די טאָכטער) געקומען, פלעגט שוין וואַרטן צו הערן דעם הויפּטצוועק פון דעם באַזוך...

זי דערמאָנט זיך דעם לעצטן באַזוך פון דבורהלען, דער מיזינקע און זיין באַליבטסטע טאָכטער. ער איז שוין דעמאָלט געלעגן מיט גרויסע יסורים. אַז ער האָט זי דערזען אַריינקומען, האָט ער מיט אַ געבראָכענער שטימע אויסגערופן:

— זיך פאָרט דערמאָנט אין דעם קראַנקן טאַטן!

האָט די טאָכטער מיט אַ גיפטיקן בליק אויף איר, דער שטיפ־מוטער, געענטפערט:

— טאַטע, דו האָסט דאָך ווער ס׳זאָל דיך באַדינען...

דעם דאָזיקן זאָג האָט זי לאַנג נישט געקענט פאַרגעסן. נישט אַזוי וועגן דער שטיפטאָכטערס באַציונג צו איר איז איר געגאַנגען, נאָר וועגן דעם שטאָך פאַרן פאָטער. פאַרוואָס קומט אים דאָס? מילא זי איז פאַר זיי אַ פרעמדע. זיי קאָנען איר נישט מוחל זיין וואָס זי פאַרנעמט זייער מוטערס פלאַץ, דרייט זיך אין די זעלבע שטיבער, שלאָפט אין דעם זעלבן בעט... אָבער וואָס האָבן זיי צו אים? ווער נאָך ווי זי קאָן עדות זאָגן ווי ער האָט זיך אָוועקגעלייגט כדי צו ראַטעווען דאָס לעבן פון זייער מוטער? און ווי איר טויט האָט אים צעבראָכן. זיי אַלע האָבן באַלד ווייטער געלעבט דאָס נאָרמאַלע לעבן. געמאַכט באַזוכן, אויספלוגן, געגאַנגען אין קינאָ. אים אָבער האָט עס צעבראָכן אויף יאָרן אַרויס. ביים טויט פון דער

פרוי איז ער נאָך נישט אַלט געווען קיין פינף און פופציק יאָר. אָבער אָנגעהויבן טראַכטן וועגן אַ צווייטער פאַרבינדונג האָט ער ערשט ווען די מיזינקע האָט חתונה געהאַט און איז אַריין אין אַן אייגענער וווינונג.

זיי האָבן זיך נאָך פריער געקענט. זי איז געבליבן יונג אַן אַלמנה. זיך נישט געקענט אָנטשליסן אַבי ווער. ווי אַ שכנה פלעגט זי זיך אָפט אַריינכאַפּן צו אים אין שטוב אַריין, כאַפּן אַ שמועס מיט דער פרוי. זי האָט זיך אָפט געכאַפּט אַז זי טוט דאָס כמעט תמיד ווען אויך ער איז אין דער היים. און זי האָט געפילט אַז אויך ער זעט זי און רעדט מיט איר גערן. און אַז דאָס אומגליק איז געשען, האָט זי ווילנדיק־נישט־ווילנדיק געטראַכט וועגן אים. זי האָט גענומען וואַרטן. געפילט, אַז אויב ער וועט זיך אַנטשליסן צו אַ צווייטער הייראַט, וועט נאָר זי קומען אין באַטראַכט. עס האָט אָבער לאַנג געדויערט. און אַז זיי האָבן שוין צוזאַמען געלעבט, איז זי נאָך אַלץ נישט זיכער געווען, צי ער האָט זיך שוין פון יענער באַפרייט. אַ צייט לאַנג איז נאָך אויף זיין שרייבטיש געשטאַנען אַן איינגעראַמטע די פאָטאָגראַפיע פון יענער. אים האָט נישט געדאַרפט בלייבן פאַרהוילן, וויפל געזונט עס האָט זי געקאָסט, יעדעס מאָל ווען זי פלעגט צוקומען צום טיש און איר בליק איז געפאַלן אויף דעם בילד. ער האָט עס געמוזט באַמערקן, וואָרעם אין איינעם אַ טאָג איז די פאָטאָגראַפיע פאַרשוווּנדן פון טיש.

— וואָס האָבן זיי צו אים — פלעגט זי אָפט טראַכטן — צי האָט ער ביי זיינע עטלעכע פופציק יאָר געזאָלט בלייבן אַליין? ווער וואָלט אים געפירט דיווירטשאַפט? אים אָפּגעהיט? און בעת זיין לאַנגער קראַנקהייט ווער וואָלט אים נאָך אַזוי געפּלעגט, אַזוי נישט אָפּגעטרעטן פון זיין בעט? די קינדער אפשר, וואָס האָבן צו אים קיין מאָל קיין צייט נישט געהאַט?

צוקומענדיק צום אָרט פון דעם גרוב, איז זי שטיין געבליבן ווי אַ פאַרגליווערטע. זי האָט פּלוצלונג דערזען אַז דער אָפענער קבר

געפינט זיך האַרט נעבן דעם קבר פון זיין ערשטער פרוי. אַ בלוט־רויטע כוואַליע האָט איבערגעגאָסן איר בלייך אויסגעמאַטערט פּנים, און אַ צאָרן האָט זי באַהערשט — אויפן מת. דיביידע קברים איינער נעבן אַנדערן זענען פאַר איר איצט געווען אַ באַווייז, אַז איר מאַן האָט זיך מיט אָט דער פרוי קיין מאָל נישט צעשיידט, אַז אין די אַלע יאָרן וואָס ער האָט מיט איר, דער צווייטער, געלעבט, האָט ער זי גענאַרט, פאַרראַטן מיט דער ערשטער...

# נאָך 60 יאָר

פאָרנדיק פון פליפעלד לוד אין אַ תל־אביבער האָטעל, איז ער אַדורכגעגאַנגען די אַלע אַדרעסן, וואָס ער פירט מיט זיך מיט, אַדרעסן פון קרובים, לאַנדסלייט, יוגנטפריינד, און דער עיקר — איר אַדרעס.

ס'האָט לאַנג געדויערט ביז ער האָט דעם אַדרעס באַקומען. די שוועריקייט איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס זי, אַן אַלמנה, וווינט ביי דער עלטסטער טאָכטער, און פון אָט דער טאָכטער האָט ער נאָר געדענקט איר פאָרנאָמען, אָבער נישט געוווסט איר איצטיקן פאַמיליע־נאָמען. די טאָכטער, רוכטשעלע, איז דעמאָלט אַלט געווען אַ יאָר 4—5. אָ, וויפל געלט אויף שפּילצייען און זיסקייטן האָט ער אויף אָט דעם קינד אויסגעגעבן! זינט דעמאָלט זענען אין אַ סך יאָר אַוועק, אָבער דער מוטערס געשטאַלט איז אין משך פון די אַלע יאָרן נישט פאַרבלאַסט געוואָרן. און נאָך היינט ווען ער האָט שוין אויסגעגעבענע אייניקלעך, שטייט זי פאַר זיינע אויגן אין איר גאַנצן יוגנטלעכן רייץ, און זי שמייכלט צו אים מיט איר כישופדיקן שמייכל פּונקט ווי מיט 60 יאָר צוריק.

איז זי געווען שיין? אָ, שענערע פרויען פון איר האָבן אים דעמאָלט גלייכגילטיק געלאָזט. אין וואָס זשע איז באַשטאַנען איר כישוף? אפשר אין איר שטימע? און אפשר אין איר שוועבנדיקן גאַנג? און אפשר איז דער רייץ באַשטאַנען אין איר שמייכל, אין יענעם שפּילערישן, שטיפעריש־איראָנישן שמייכל, וואָס איז זעלטן אַראָפּ פון אירע ליפּן?

די טאָכטער האָט דערלאַנגט כיבוד. ער איז געזעסן און געקוקט אויף דער קליינער געבויגענער אַלטיטשקער. אירע האָר זענען

געווען ווייס און שיטער. פון טיפע אויגן־לעכער האָבן אַרויסגעקוקט מידע האַלב פאַרלאָשענע אויגן. דאָס פּנים איז געווען דאַר, געקאַר־טשעט, איינגעשרומפּן.

ער האָט געקוקט אויף איר, און מער פון אַלץ האָט אים באַשעפטיקט איין געדאַנק. ער האָט נישט געקענט פאַרשטיין: „יענע" איז דאָך געווען אַ הויכע, אַ שלאַנקע, און ווי אַזוי איז די אַזאַ קליינע?

דער שמועס האָט זיך געצויגן לאַנגווייליק, איין וואָרט צום צווייטן האָט זיך עפּעס נישט געקלעפּט. ער האָט געהאַט דאָס געפיל, אַז ער איז על פּי טעות אַריין אין אַ פרעמדער שטוב, צו מענטשן מיט וועלכע ער האָט קיין שום שייכות נישט און ער האָט וואָס גיכער שוין געוואָלט זיין אין דרויסן.

אויך זי האָט געקוקט אויפן אַמעריקאַנער טוריסט. זיינע צוויי שורות מילך ווייסע און גלייכפאַרמיקע ציין זענען געווען אַ שאַרפער קאָנטראַסט צו זיין געקאָרטשעט פּנים. אַ רערל וואָס פאַרשטאַרקט די שמיעה, האָט געפּירט אין זיין אויער אַריין. דאָס גלאָז טיי האָט ער געהאַלטן מיטביידע הענט, כדי מ׳זאָל נישט אַזוי באַמערקן ווי זיינע הענט ציטערן...

זי האָט זיך קוים געהאַלטן ביים טיש. די אויגן האָבן זיך איר געקלעפּט. זי איז געווינט געווען אין דער צייט שוין צו ליגן אין בעט. האָט זי גאָט געבעטן, אַז דער אַלטער זאָל שוין אַוועקגיין און זי זאָל זיך קאָנען לייגן שלאָפן...

# דפנהלע חידושט זיך

פאַר דער 4־יאָריקער דפנהלע איז דער סבתאָס ליגן אין בעט און קרעכצן געווען אַזוי זעלבספאַרשטענדלעך, ווי אַ שטייגער דאָס קלאַפּן פונעם וועקזייגער, וואָס שטייט אויף דעם קרעדענץ־שאַפקעלע. זי הערט איר קרעכצן זינט זי געדענקט. זי קרעכצט ווען דפנהלע שטייט אויף און ווען זי לייגט זיך, ווען זי גייט אין גן אַריין און ווען זי קומט פון דאָרט צוריק אָדער ווען זי זיצט אין דער צווייטער שטוב און שפּילט זיך מיט דער ליאַלקע. תמיד הערט זי איר קרעכצן.

און נישט נאָר זי. אויך דער אבא און די אמאַ זענען שוין מיט איר קרעכצן געוווינט. די אמאַ פאַרברענגט אַזויפיל צייט ביי דער קרעכצנדיקער סבתאַ. די סבתאַ וויל קיינמאָל נישט עסן. בעט זי זיך ביי דער אמאַ: „לאָז מיך צורו. מוטשע מיך נישט. כ׳קאָן נישט״. אָבער די אמאַ לאָזט נישט אָפּ. זיצט לאַנג ביי איר בעט און שטופּט איר אין מויל אַריין אַ לעפל נאָך אַ לעפל. אָבער נאָכן עסן ווערט דער סבתאַ נישט לייכטער. עס ווייזט זיך אויס אַז אַפילו נאָך שווערער. זי וואַרפט זיך אין בעט, דרייט זיך. איר פּנים איז בלייך און איינגעפאַלן, די ליפּן פאַרקרומט פון ווייטיק. די אויגן טיף אין קאָפּ אַריין.

כמעט יעדן טאָג קומט צו זיי אַן אַנדערע דודה, זיי נעמען איבער דאָס באַדינען די סבתאַ. בייטן די וועש, זי איבערדרייען אויף אַן אַנדער זייט. אָפט קומט אַ דאָקטער, באַטאַפּט און באַקלאַפּט די סבתאַ, פאַרשרייבט אַ נייע מעדיצין. אָבער עס העלפט גאָרנישט. דאָס קרעכצן הערט נישט אויף. נאָר די אמאַ איז רויִק. און אויך די דודהס זענען צום קרעכצן שוין צוגעוווינט. זענען רויִק. רעדן צווישן זיך וועגן פאַרשידענע זאַכן. אַ מאָל דערציילט איינע פון די דודהס אַ קאָמישע זאַך, לאַכן אַלע.

נאָר איין מאָל איז עפּעס אויסערגעוויינלעכעס געשען.

דפנהלע איז געווען אין צווייטן צימער און געגלעט און גע־צערטלט איר גרויסע ליאַלקע. פּלוצלונג האָט זיך דערהערט פון דער סבתאָס צימער אַ מוראדיק און ווילד געשריי פון דער אמאַ. אַזוי ווילד און שרעקלעך האָט זי געשריגן, אַז אַלע שכנים זענען זיך צונויפגעלאָפן. ס׳האָט נישט לאַנג געדויערט און ס׳איז געקומען אַ דאָקטער און איז גיך אַריין אין דער סבתאָס צימער. און אויך די דודה רעגינאַ, וואָס וווינט אין שכנות, איז געקומען צו לויפן, און אויך זי האָט אָנגעהויבן הויך שרייען און וויינען. אַזוי מוראדיק וויינען האָט דפנהלע זיי ביידע נאָך קיין מאָל נישט געהערט.

דפנהלע האָט זיך אומבאַמערקט אַריינגעשלייכט אין דער סבתאָס צימער. זי איז איצט געלעגן אַן איבערגעדעקטע, אַ שטילע, אַ רויִקע.

האָט דפנהלע נישט געקענט פאַרשטיין: אַזוי לאַנג זי געדענקט האָט די סבתאַ געהאַלטן אין איין קרעכצן אָבער די אמאַ און די דודהס האָבן געשוויגן. איצט אָבער ווען די סבתאַ קרעכצט נישט מער, ווען זי ליגט אַזאַ שטילע און רויִקע, איז איר דאָך גוט, טוט איר דאָך גאָרנישט מער וויי. פאַר וואָס זשע שרייען און וויינען זיי אַזוי שטאַרק?

# פאַרלייקנטע יאָרן

אַז זי איז געוואָרן אַן אַלמנה, איז זי אַלט געווען 48 יאָר, אָבער מיט איר בויגעוודיקער שלאַנקער געשטאַלט, אירע פיין געטאָקטע געזיכט־שטריכן, אירע שוואַרצע ברענענדיקע אויגן, האָט זי אויס־געזען אַזוי מיידליש, אַזוי יוגנטלעך, אַז מען וואָלט איר אַפילו קיין 38 נישט געגעבן.

איר טאָכטער, וואָס איז שוין דאַן געווען אַ מאַמע פון אַ פינף־יעריק קינד, האָט באַלד אויסגעוואַנדערט מיט איר מאַן מעבר לים. מיט צוויי יאָר שפּעטער האָט אויך די אַלמנה אויסגעוואַנדערט, מיטברענגענדיק אין דעם פרעמדן ווייטן לאַנד אַ קליינעם פאַרמעגן און אַ פּאַספּאָרט וואָס האָט זי געמאַכט מיט צען יאָר יינגער — אַ זאַך, וואָס איז קיינעם נישט אויפגעפאַלן. אומגעקערט — אויפגעפאַלן וואָלט גיכער, ווען זי גיט אָן אירע אמתדיקע יאָרן.

אין דעם פרעמדן לאַנד האָט זי זיך באַלד דערוואָרבן אַ גרויסן קרייז פון פריינד, דער עיקר — מענער, וואָס זענען צו איר געפלויגן ווי שמעטערלינגען צום ליכט. די צאָל פון אירע פאַרערער איז געוואַקסן, צוזאַמען מיט דער צאָל טייערע קליידער און צירונג... און יעדעס מאָל ווען זי האָט געהאַט אַ באַרוישנדיקע און פאַרשיכורנ־דיקע איבערלעבונג, האָט עס אין איר טריומפירט. זי האָט געפילט, אַז נישט די קאַלענדאַרישע ציפער פון אירע אמתדיקע יאָרן זענען מאָסגעבנדיק, נאָר דאָס בלוט, וואָס רוישט און זידט אין אירע אָדערן. האָט זי זיך געפילט ווי אַ זיגערין, וואָס האָט באַזיגט גאַנצע צען יאָר פון איר לעבן.

דערווייל זענען זיך די יאָרן געלאָפן. די 55־יאָריקע אויפן פּאַפּיר, איז אין דער אמתן אַלט געוואָרן 65 יאָר. אירע טריט האָבן

שוין לאַנג אויפגעהערט צו זיין שוועבנדיקע, דער אָטעם איז געוואָרן אַ שווערער.

מיט אַ ברוסט־ און האַרץ־קראַנקהייט איז זי אַריין אין אַ שפּיטאָל. דאָרט האָבן אירע געפּאַרבטע האָר צוריקבאַקומען זייער נאַטירלעכע פאַרב — גראָ, און דאָס נישט געשמינקטע און געפּו־דערטע פּנים האָט אַנטבלויזט די קנייטשן.

איז איר באַפאַלן אַ שרעק. זי האָט געהאַט דאָס געפיל, אַז די פאַרלייקנטע יאָרן זענען געקומען נקמה נעמען פון איר, וואָס זי האָט זיי פאַרשעמט, זענען געקומען אָפּמאָנען דאָס, וואָס עס קומט זיי...

# קדיש און בלומען

ביידע האָבן געהייסן וויינבערג. נאָר דער, וואָס איז אַ סך פריער געקומען אין לאַנד אַריין, האָט זיין נאָמען העברעיזירט אויף כרמי. זיי האָבן אויך געוווינט אין דעם זעלבן בית־משותף. די משפחה כרמי אויפן ערשטן און די וויינבערגס אויפן צווייטן שטאָק.

טרעפט ביידע שכנים איין אומגליק. אין איין און דער זעלבער צייט שטאַרבן ביידע פרויען פון די מענער.

וויינבערג האָט מיט אַלע פּיטשעווקעס אָפּגעהיטן אַלע דינים און מנהגים פון אַזאַ פאַל: מיטן עסן דאָס איי מיט אַש נאָך דער לוויה, מיטן אָנצינדן דאָס נשמה־ליכטל, מיטן גלאָז וואַסער און דעם שטיקל לייוונט דערנעבן און דג״ל. ער האָט אויך געזאָרגט, אַז אין די שבעה־טעג זאָל מען אין שטוב דאַווענען מיט מנין און די גרעסערע יינגלעך, די פרישע יתומים, זאָלן יעדן טאָג זאָגן קדיש. און אויך נאָך דער שבעה האָט ער שטאַרק מקפיד געווען, אַז די קינדער זאָלן נישט פאַרפעלן קיין קדיש אין שול.

ביז צו די שלושים איז וויינבערג אַרומגעגאַנגען מיט אַ פאַר־וואַקסענער באָרד. כרמי אָבער, דער שכן פון ערשטן שטאָק, איז אָנשטאָט אָפּצוהיטן די אַלע זאַכן, געגאַנגען יעדעס מאָל צום בית־עלמין און געלייגט אַ פרישן בוקעט בלומען אויפן פרישן קבר פון זיין פרוי.

אַז וויינבערג האָט נאָך דער שבעה געטראָפן אויף דער גאַס כרמין אַ גלאַטן ראַזירטן, האָט ער זיך נישט געקענט איינהאַלטן און מיט אַ מינע פון פאַראיבל אים געזאָגט:

— פון דעסטוועגן, אַדון כרמי... ווי איר זענט פאַר זיך, זענט איר... אָבער פאַר מענטשן... איר פאַרשטייט?...

האָט כרמי געענטפערט:

— מיין טרויער האָט מיט מענטשן גאָרנישט צו טאָן, דאָס איז מיין אייגענער ענין.

עטלעכע חדשים נאָכן ווייבס טויט, האָט ווײַנבערג געשריבן תנאים מיט אַ יונגער אַלמנה.

— איר פאַרשטייט — האָט ער זיך פאַרן שכן ווי פאַרענטפערט — אַ ייד טאָר נישט לעבן אַליין. אַ ייד מוז האָבן אַ ווייב.

— פאַר וואָס דען נישט? — האָט כרמי געזאָגט — אויב ס'האַרץ איז אים נאָר דערביי.

און אין דעם טאָג, ווען ווײַנבערג איז געגאַנגען צו דער חופּה, האָט כרמי געטראָגן אַ פרישן בוקעט בלומען צום קבר פון זיין פרוי. און געטראָגן האָט ער אים מיט אַזאַ פרומער צערטלעכקייט, ווי אַ ייד, אַ ירא־שמים, טראָגט זיין טלית־און־תפילין־זאַק אין שול אַריין...

## דער רעזערווירטער פּלאַץ

אויפן מאַנס לוויה איז זי נישט געווען. ווען דאָס אומגליק האָט געטראָפן, האָט זי זיך צוזאַמענגעבראָכן און מען האָט זי תיכף געמוזט אַוועקפירן אין אַ שפּיטאָל. ווען זי איז אַרויס פון דאָרט, האָט זי זיך כסדר געריסן צום בית־עלמין. אָבער די טאָכטער האָט זי יעדעס מאָל צוריקגעהאַלטן, מורא האָבנדיק אַז די מוטער זאָל נישט באַקומען קיין פרישן אַטאַק. ערשט נאָך עטלעכע חדשים, ערב די ימים נוראים, האָט זי די מוטער באַגלייט אַהין.

זי איז יינגער געווען פונעם מאַן (וועלכער איז ביי זיין פּלוצ־לונגדיקן טויט נאָך קיין זעכציק נישט אַלט געווען) — מיט אַ 10 יאָר. האָט זי זיך ביי אים תמיד געפילט יונג, מיידליש. ער פלעגט זי טאַקע מערסטנס רופן „מיין מיידל”. זי פלעגט זיך צו אים טוליען נישט נאָר ווי אַ פרוי צום מאַן, נאָר גיכער ווי אַ טאָכטער צו אַ פאָטער.

ווען זי האָט צום ערשטן מאָל דערזען די מצבה מיטן אויסגע־קריצטן נאָמען, איז זי אויסגעבראָכן אין אַ קאָנווולסיוו געוויין. לאַנג האָט דאָס געוויין געדויערט. מיט שווערער מי איז דער טאָכטער געלונגען איינצושטילן די מוטער. זי האָט זיך אויסגעווישט די טרערן פון די אויגן און ערשט איצט גענומען באַטראַכטן דעם שטיין פון אַלע זייטן, אים געגלעט, אַרומגענומען, אָפּגעווישט מיט איר נאָזטיכל דעם שטויב פון זיין מאַרמאָרנער האָריזאָנטאַלער פּלאַך.

פּלוצלונג איז איר בליק געפאַלן אויף אַ קליינינקן שילדל, וועלכעס, צוגעקלאַפּט אויף אַ מעטאַלענעם שטעקעלע, איז געווען אַריינגעשטעקט אין דער ערד האַרט נעבן דער מצבה. דאָס שילדל האָט געהאַט די אויפשריפט: „שמור”.

זי האָט לאַנג געקוקט אויפן דאָזיקן שילדל, געפרעגט:

— וואָס איז דאָס?

— עס, ס'איז גאָרנישט — האָט די טאָכטער אַוועקגעמאַכט מיט דער האַנט.

— וואָס זשע האָט מען דאָס אַריינגעשטעקט אין דער ערד אַריין נעבן טאַטנס קבר?

— ווייסט דאָך, מאַמע, — האָט די טאָכטער געזאָגט — מגרשים אויף בית עלמינס שטייגן איבערנאַכט. האָב איך געטראַכט: זאָל זיין רעזערווירט אַ שטיקל פּלאַץ נעבן טאַטן — פאַר דער פאַמיליע...

איצט האָט די מוטער פאַרשטאַנען. זי האָט געקוקט אויפן שטיקל ערד און אויפגעשוידערט. און זי האָט נישט פאַרשטאַנען, פאַרוואָס עס איז אין איר פּלוצלונג אויפגעקומען אַ פאַרדראָס און פאַרוואָס זי האָט דערפילט אַ פרעמדקייט צו דער טאָכטער.

# דער 95 יאָריקער

אַלע זענען גוט צו אים. שמייכלען אויף יעדן וואָרט וואָס ער זאָגט אַרויס, ווי דאָס וואָלט געווען ווער ווייסט וואָס פאַר אַ גרויסע חכמה... אַלע האָבן צו אים אַ מין דאַנקבאַרקייט־געפיל, ווי מיטן דערגרייכן אַזאַ הויכן עלטער וואָלט ער יעדן געטאָן אַ פּערזענלעכע טובה. אין זיין אַנוועזנהייט פילן זיך די 75, 80, 85 יאָריקע — יונג. זיינע יאָרן זענען פאַר יעדן אַ ביישפּיל פאַרן אייגענעם לעבן: אויב אַזוי, האָב איך דאָך נאָך אַ ווייטן וועג פאַר זיך...

ער אָבער פילט זיך איינזאַם, עלנט, אויך צווישן די אייגענע קינדער, אייניקלעך און אוראייניקלעך. די וואָס זענען געווען זיינס־גלייכן, געטראַכט זיינע געדאַנקען, זיך גערעכנט מיט זיינע מיינונגען, זענען מער נישטאָ. איינע נאָך די אַנדערע זענען זיי אַוועק. ווער פריער, ווער שפּעטער. געבליבן איז ער איינער אַליין. דער לעצטער. האָט ער נישט מיט וועמען אַ וואָרט צו רעדן. פאַלט אים אַ מאָל איין אַ געדאַנק וועגן עפּעס אַ וויכטיקן געשעעניש, און ער ברענגט אים אַרויס, שאָקלט מען צו אים מיט די קעפּ און מ׳שמייכלט צו אים, ווי צו אַ קינדערישער חכמה... פאַרדריסט אים דאָס. פאַרוואָס הערט מען זיך נישט צו צו זיינע רייד? פאַרוואָס איז מען מיט אים תמיד מסכים? פאַרוואָס שפּאַרט מען זיך נישט, אַמפּערט זיך נישט מיט אים? פאַרוואָס זאָגט מען צו אַלץ וואָס ער זאָגט — יאָ?

רק מען שמייכלט צו אים, רק מען גיט אים אין אַלעמען רעכט. וואָס ער זאָל נישט זאָגן און וואָס ער זאָל נישט טאָן. און טאָן מעג ער אַלץ וואָס ער וויל. מען האָט פון אים אַראָפּגענומען אַלע עולן, אַלע פליכטן, ווי פון אַ קינד. און פּונקט ווי אַ קינד אונטערליגט ער נישט קיין שום פאַראַנטוואָרטלעכקייט... 

פילט ער, ווי ער וואַלט זיך אַרומגעדרייט אויף אַ פרעמדן יאריד, ווו ער האָט גאָרנישט וואָס צו קויפן און גאָרנישט וואָס צו פאַרקויפן. פלאָנטערט זיך נאָר אומזיסט אונטער די פיס פון מענטשן און פערד, צווישן וועגענער און מאַרק־ביידלעך, וואַרטנדיק ביז מ׳וועט אים אַרויספירן פון דעם טומלענדיקן געדראַנג...

# דאָס ווענטל

אין די ערשטע טעג האָב איך עס אַפילו נישט באַמערקט, כאָטש עס איז די גאַנצע צייט געשטאַנען אין דעם צימער, אין וועלכן מיין פריינד איז געלעגן. אין דעם צימער זענען בלויז געשטאַנען דריי בעטן. דאָס בעט פון מיין פריינד איז געווען ביים עק, צו דער טיר צו. דאָס דריי טייליקע ווייסע לייוונט־ווענטל, געשפּאַנט אויף דריי דינע שטאַנגען, איז געשטאַנען צונויפגעלייגט אין אַ ווינקל, האָט זיך נישט געוואָרפן אין די אויגן.

מיין פריינד האָט קיין נאָענטע קרובים נישט געהאַט. איין מאָל אין דער וואָך, אין דער פאָרגעשריבענער באַזוכצייט האָט אים באַזוכט אַ ווייטער קרוב, וואָס פלעגט יעדעס מאָל פאַרגנבעטערהייט קוקן אויף זיין האַנטזייגערל...

איך בין צו אים געקומען כמעט יעדן טאָג. מיר פלעגן פירן לאַנגע שמועסן וועגן די לעצטע טעכנישע דערגרייכונגען, וועגן די לעצטע פּאָליטישע געשעענישן, וועגן די נייע שטרעמונגען אין דער ליטעראַטור, מוזיק, מאָלעריי. מיין פריינד האָט אויך אין שפּיטאָל נישט איבערגעריסן דאָס שרייבן. האָט ליגנדיק אין בעט אַ סך געלייענט.

אין איינעם אַ טאָג איז דער שמועס געווען אַ באַזונדערס אינטערעסאַנטער. פּלוצלונג האָב איך באַמערקט ווי זיין פּנים ווערט טויט בלאַס. און אין דער זעלבער רגע פאַרוואַרפט ער דעם קאָפּ.

אויף מיינע אַלאַרם־רופן זענען זיך צונויפגעלאָפן קראַנקן־שוועסטער און דאָקטוירים. מען האָט מיך אַרויסגעשיקט פון צימער און פאַרמאַכט די טיר. עס האָט גאָרנישט לאַנג געדויערט, האָט זיך די טיר ווידער געעפנט און די דאָקטוירים מיט די שוועסטער האָבן שווייגנדיק פאַרלאָזט דאָס צימער.

איך בין ווידער אַריין אין צימער. דאָס בעט פון מיין פריינד איז איצט געווען פאַרשטעלט, אַרומגענומען פון דעם דריי־טייליקן ווענטל. דורכן אָפענעם פענצטער זענען די זונען־שטראַלן געפאַלן אויף דעם ווענטל, אַזוי אַז מען האָט דורכגעזען דעם איבערגע־ד'עקטן גוף פון מיין פריינד.

איך בין געשטאַנען פון דער זייט ווענטל און געהאַט דאָס געפיל, אַז באַלד וועט זיך מיין פריינד אויפזעצן אין בעט און פאַרזעצן דעם איבערגעריסענעם שמועס, אַ געפיל, אַז אין די לעצטע צען מינוט איז דאָ אין צימער קיין שום ענדערונג נישט פאָרגעקומען. איך האָב געקוקט אויפן ווענטל און עפעס נישט געקענט תופס זיין. איך האָב זיך נישט געקענט פאָרשטעלן, אַז דאָס אַריבערגיין פון דאַנען אַהין זאָל קאָנען פאָרקומען אַזוי פשוט, אַזוי שטיל און אומבאַמערקט, און אַז אַזאַ דין און דורכזיכטיק לייוונט־ווענטל זאָל זיין אַ מחיצה צווישן דאָ און דאָרט...

# נישט איצט געדאַכט

אלול. דער חודש פון שופר־בלאָזן, פון אויפשטיין צו סליחות, פון גיין אויפן הייליקן אָרט, צו טאַטעס, שוועסטערס, ברידערס; פון מענער צו פרויען און פרויען צו מענער. די טעג פון „מלאס", פון וויינען און קלאָגן.

נישט איין אַלמנה וואַרט אַ גאַנץ יאָר אויף דער געלעגנהייט זיך צו קאָנען אַראָפּוויינען פון האַרצן, דערציילן דעם מאַן דאָס, וואָס מען קאָן פאַר קיין פרעמדן נישט דערציילן, זיך באַקלאָגן אויף די שנורן און אויך די זין נישט פאַרשוינענע. אַ טאַטע מוז אַלץ וויסן...
נישט איין אַלמנה קומט צום מאַן מיט טענות, הלמאי ער שווייגט. טוט גאָרנישט פאַר אירעטוועגן. צי ווייסט ער דען נישט ווי אַזוי ער האָט זי איבערגעלאָזט?

שטייט אַ פרישע אַלמנה ביים קבר פון איר מאַן. זי הערט נישט אויף צו וויינען. און אַז זי באַרויקט זיך ענדלעך, ווערט זי באַרעדעוודיק. הערט נישט אויף צו שילדערן פאַר די אַנוועזנדיקע די לאַנגע און שווערע ליידן פונעם מאַן.

— אין די לעצטע חדשים — דערציילט זי — פלעגט ער באַקומען אַזעלכע שווערע אַטאַקן אַז ער פלעגט זיך, נישט איצט געדאַכט, קאָרטשען אין דרייען פון גרויס ווייטיק.

— „נישט איצט געדאַכט?" —פרעגט איבער מיט אַ ביטערן שמייכל דער אַלמנהס אַ קרובה.

די אלמנה פאַרשעמט זיך. זעט, אַז זי האָט זיך נאַריש אויס־געדריקט. זי פאַרזינקט אין אַ לאַנגן שווייגן. פאַר אירע אויגן שווימען אויף בילדער פונעם שווער קראַנקן מאַן, ווי ער איז חדשים לאַנג געלעגן אין בעט מיט אַ געל איינגעפאַלן פנים, מיט פאַרקרומטע

ליפּן פון יסורים. אין אירע אויערן קלינגט דאָס קרעכצן זיינס, וואָס האָט אויסגעריסן אַ שטיק האַרץ.

איר בליק פאַלט אויף דער מצבה, אויף די בלומען אין דער גרויסער ערדענער וואַזע. זי פילט די רו, דעם טיפן פרידן, וואָס נעמט אַרום דעם מאַנס איצטיקן געלעגער. און פאַרגלייכנדיק דאָס דאָזיקע געלעגער מיט דעם פריערדיקן, האָט זי דאָס געפיל, אַז זי וואָלט איצט ווידער אַ מאָל געקענט באַגיין די זעלבע נאַרישקייט, זאָגן: נישט איצט געדאַכט...

# דאָס אַלטע פּאָרפּאָלק

דער טאָג איז בעסער פאַר זיי ווי די נאַכט. דער טאָג פאַרגייט פאַר איר מיט איינקויפן, ראָמען די שטוב, מיט קאָכן מיטאָג, פאַר אים — מיט אַ קורצן שפּאַציר, מיט אַריינקוקן אין אַ צייטונג, אין אַ ספר אָדער אין אַ יידיש ביכל. ביי נאַכט אָבער איז נישט גוט. ביינאַכט כאַפּט מען זיך כמעט תמיד אויף נאָך די ערשטע 3—4 שעה שלאָף און מען קאָן שוין מער נישט איינשלאָפן. אַ צייטלאַנג ליגן ביידע שטיל. נישט וועלנדיק דעם צווייטן שטערן — טאָמער שלאָפט מען.

דאָס ערשטע רייסט זי איבער די שטילקייט:

— שלאָפסט, חיים ?

— ניין. און דו שלאָפסט אויך נישט ?

— ניין.

נעמט מען שמועסן וועגן דעם און יענעם. מען רעדט וועגן די שרעקלעכע קעלטן פון היינטיקן ווינטער, וואָס אַזעלכע געדענקט מען גאָרנישט, מען באַקלאָגט זיך אויף די מיחושן וואָס דערגייען די יאָרן. אויסמאָלנדיק איינער פאַרן אַנדערן ווי אַזוי ס'טוט וויי, דאַכט זיך אַז די ווייטיקן ווערן לייכטער... דער שמועס גייט איבער אויף מענטשן, היינטיקע און אַמאָליקע. און אַז מען קומט צו דעם אַמאָל, ווערט דער שמועס לעבעדיקער. וואָס ווייטער די נעכטנס ליגן פון דעם היינט, אַלץ שענער זענען זיי. אויף דעם וועג צו די ווייטע נעכטנס ווערן די פיס גרינגער, שוועבנדיקער, דער אָטעם פרייער, לייכטער, און די ווייטיקן, די ווייטיקן פילט מען אין גאַנצן נישט מער...

גייט מען אַלץ ווייטער, אַלץ מער צוריק, צוריק...

זי האַלט שוין ביי אירע אַכצן...

— ווי אַזוי האָט געהייסן לייבלס עלטערער ברודער?

— וועלכער לייבל?

— לייבל חנה ברכהס?

— ברוך. אַקעגן וואָס?

— גלאַט אַזוי... זיך אָן עפּעס דערמאָנט. און נאָך אַ ווײַלע:

— דערמאָנסט דיך נאָך אָן אונדזער דילעטאַנטן־טעאַטער, מיט די טאַנץ־אָוונטן נאָך יעדער פאָרשטעלונג?

— ווי ס׳וואָלט נעכטן געווען.

— און מיך אין דער ראָלע פון כאַסיע די יתומה, געדענקסטו נאָך? געדענקסט ווי מען האָט מיך באַוואָרפן מיט בלומען? יאָ, ס׳פאַלט מיר ערשט איצט איין: פאַרוואָס ביסטו דעמאָלט אַזוי גיך אַנטלאָפן? נישט געוואָרט אַפילו זאָלסט מיך אַ היים באַגלייטן!

— קאָן איך היינט וויסן...

— און אויך דעם צווייטן טאָג ביסטו צו מיר נישט געקומען. פאַרוואָס?

— זאָל איך היינט, נאָך 65 יאָר געדענקען...

— איך וועל דיר זאָגן פאַרוואָס — לאַכט זי מיטן צייגלאָזן מויל — דו ביסט נישט געקומען צוליב ברענערן, האָסט נישט געקענט ליידן וואָס ער האָט מיט מיר כסדר געטאַנצט. זאָג דעם אמת: איז דו ביסט געווען אייפערזיכטיק?

—כ׳בין נישט געווען אייפערזיכטיק...

— פאַרוואָס זשע? — — —

ס׳איז נאָכן מיטאָג. זי ליגט אין איר בעט. נאָך אַ ווײַלע קוקט זי אַריבער צו זײַן בעט, צו זען צי ער איז איינגעשלאָפן. און ווי זי קוקט אַזוי, שוידערט זי אויף. זי זעט: זײַן פּנים איז געל און פאַרגליווערט, זײַן נאָז — פאַרשפּיצט, און די דעק איבער אים — באַוועגט זיך נישט...

— חיים!!! — שרייט זי ווילד — חיים!!!

און אַז ער כאַפּט זיך אויף און בייזוערט זיך הלמאי זי האָט אים אויפגעוועקט, רייסט זיך פון איר ברוסט אַרויס אַ זיפץ פון דער־לייכטערונג און אירע אויגן ווערן נאַס...

און אויך אים טרעפט אַמאָל דאָס זעלבע. ער כאַפּט זיך אויף אין מיטן דער נאַכט און הערט פון צווייטן בעט אַ שווער און כאַר־כלענדיק קרעכצן. אַ קאַלטער שוויס באַשלאָגט אים. אַזאַ קרעכצן האָט ער שוין אַמאָל געהערט פון דער מאַמען זיינער בשעת זי האָט געלאָזט די נשמה...

— רבקה!!! — שרייט ער נישט מיט זיין קול — רבקה, וואָס קרעכצסטו אַזוי?!

זי כאַפּט זיך אויף. אָבער עס געדויערט נאָך לאַנג ביז ער באַרויִקט זיך. נאָר שלאָפן קאָן ער שוין נישט. און אויך זי קאָן מער נישט איינשלאָפן. ליגן זיי ביידע און גלאָצן מיט די אויגן צו די טונקעלע פענצטער.

יצחק פאַנער

# יורדים

זיי קומען מיט רעש און געטומעל, מיט ווילדע געשרייען און הילכיקע געלעכטערס. זיי פרעגן נישט ביי קיינעם. זיי ווייסן אַלץ. זיי בעטן נישט ביי קיינעם. זיי נעמען אַליין. אַלץ וואָס אַרום זיך, וואָס איבער זיך — איז זייערס, געהערט צו זיי, — צו די 17, 18, 20 יאָריקע נגידים. זיי זענען די קאַפּיטאַליסטן פון די איצטערס, די אייגנטימער פון די היינטן און די מאָרגנס.

און אָפּגערוקט אין אַ ווינקל, פאַרשטופּט אויף די הינטערשטע בענק, זיצן די אָפּגעקומענע נגידים — די יורדים. זיצן שטילע, הכנעהדיקע, שווייגנדיקע. קיין איצטערס האָבן זיי נישט, און אויך נישט קיין מאָרגנס. אין די היינטן זענען זיי די אורחים פון די נגידישע אָרעממאָלצייטן... זיי זענען הוילע נעכטנס, לויטער אַמאָלן, הוילע מעשיות פון „אַמאָל איז געווען". טרויעריק און שיין זענען די דאָזיקע מעשיות.

רעדט אַ יורד צו אַ נגיד:

מיר זענען רייכער פון אייך. איר פאַרמאָגט נאָר די קורצע היינטן, מיר אָבער זענען די באַהערשער פון די לאַנגע נעכטנס. צי קענט איר, ווי מיר, די פאַרכישופטע שיינקייט פון אַ 50—60—70 יאָריקער נעכטנוועלט? צי האָט איר ווען עס איז געפילט דעם ווייטיק־דיקן תענוג פון קוקן אויף אַ ווייטן אַמאָל? פון פילן ווי די ליפּן הייבן אָן צוקן, און די אויגן — נאַס ווערן, ביים הערן אַ ניגון פון די יינגלישע יאָרן? ביים זען אויפפירן אַ טאַנץ פון יענע ווייטע נעכטנס?

אָ, איר נגידים, ווי אָרעם איר זענט מיט אייערע ליאַרעמנדיקע, טומלענדיקע היינטן, אָן אַ ברעקל נעכטן...

רעדט אַ יורד פאַר זיך:

אין מיינע ווינקעלערס ליגן פעסער מיט וויינען, וואָס האָבן הינטער זיך יאָרן פון שוימענדיקער יוירונג. היינט זענען זיי קרישטאָליק־דורכזיכטיק. זענען זיי קלאָר און שווער.

די פּירות פון מיינע סעדער האָבן זיך אויסגעצייטיקט, אויסגעזאַפּטיקט פון אַזויפיל גאָלדענע האַרבסטטעג. די איבערגעלאָדענע צווייגן בייגן זיך טיף אַראָפּ צו דער ערד. באַלד וועט מען די פּירות אָפּרייסן. קאַלטע ווינטן וועלן נעמען בלאָזן און געלע בלעטער וועלן פאַלן, פאַלן — — —

# דער אָנהייב

„די תורה האָבן מיר מקבל געווען ביים סיני
און אין לובלין האָבן מיר זי אָפּגעגעבן".
(יעקב גלאַטשטיין — „שטראַלנדיקע יידן")

די מיליאָנען יידן, וואָס האָבן „די תורה אָפּגעגעבן", האָבן געשטאַמט פון פאַרשידענע „לובלינס". מיין „לובלין" האָט געהייסן — טשערנאָוויץ. און „אָפּגעגעבן די תורה" האָבן די טשערנאָוויצער יידן חול המועד סוכות, דעם זמן שמחתנו... (דעם 11־טן אָקטאָבער 1941), ווען זיי האָבן פאַרלאָזט זייערע וווינהייזער און זענען געגאַנגען אין געטאָ אַריין, און אין שמחת־תורה (דעם 15־טן אָקטאָבער 1941), ווען עס האָבן אָנגעהויבן גיין די טראַנספּאָרטן קיין טראַנסניסטריע.

שוין די פּרעלודיע צו געטאָ און טראַנסניסטריע איז געווען אַזאַ, וואָס האָט געדאַרפט באַווייזן דעם „גלאָררייכן" אַליאירטן, אַז וואָס שייך יידן, וועט זיך דאָס איידל־ראַסיקע הערן־פאָלק נישט דאַרפן שעמען מיט זיין רומענישן שותף. פונעם 5־טן יולי 1941, (ווען די רומענער האָבן אַריינמאַרשירט קיין טשערנאָוויץ), ביזן 15־טן אָקטאָבער, (ווען עס האָבן זיך אָנגעהויבן די דעפּאָרטאַציעס) האָט דער בלוטיקער שניט פון די טשערנאָוויצער יידן באַטראָפן שיינע עטלעכע טויזנט.

דאָס גיין אין געטאָ אַריין איז פאָרגעקומען אויף אַזאַ אומדערקלערלעכן, אומפאַרשטענדלעכן אופן! קיינער האָט דערצו נישט באַקומען קיין שריפטלעכע אויפפאָדערונג. עס זענען נישט געקלעפּט געוואָרן קיין פּלאַקאַטן, אַז מען זאָל וויסן וואָס — און ווען. אָבער אין יידישע וווינונגען, הינטער פאַרהאַקטע טירן, האָט יעדער געוווסט

אַלץ ביז אין די קלענסטע פּרטים. מען האָט געוווּסט וועלכע גאַסן פאַלן אַריין אין שטח פון געטאָ; געוווּסט דעם גענויעם טאָג, און אַז דאָס גיין אין געטאָ דאַרף דורכגעפירט ווערן אין 12 שעה — פון 6 אַזייגער פרי ביז 6 אַזייגער אין אָוונט. געוווּסט, אַז ווער ס'וועט נאָך דער צייט זיך נאָך געפינען אין דער „אַרישער וווינונג", וועט ווערן דערשאָסן. אויך האָט מען געוווּסט אַז מיטנעמען אין געטאָ אַריין, מעג מען נאָר אַזוי פיל משא, וויפל מען קאָן טראָגן מיט זיך. אַז מיט קיין וואָגן טאָר מען נישט פאָרן. יאָ, מען האָט אַפילו געוווּסט אַז אין געטאָ וועט מען לאַנג נישט בלייבן, נאָר מען וועט באַלד אָוועקגעשיקט ווערן. מ'האָט נאָר נישט געוווּסט וווהין. פון וואַנען זשע האָט מען דאָס אַלץ געוווּסט? „ק.", דעם העלד פון קאַפקאַס „פּראָצעס" האָט פאָרט עמעצער צו וויסן געטאָן אַז עס איז קעגן אים פאַרפירט געוואָרן אַ פּראָצעס, און אַז איבער אים הענגט אַ שווערער פסק־דין...

פאַר דעם געטאָ זענען באַשטימט געוואָרן די גאַסן: מוראַריו, סינאַגאָגן־גאַס, יידישע גאַס, שטעפאַני־גאַס און נאָך 2—3 געסלעך. אין דעם טאָג איז מען געלאָפן ווי פאַרסמטע מייז צו די געטאָ־גאַסן כדי זיך צו זיכערן אַ פלאַץ אין אַ שטוב ביי פריינד און באַקאַנטע. פאַר מיר איז די וווינונג־פראַגע נישט געווען קיין פּראָבלעם. מיין ערשטער געדאַנק איז געווען מיין יונגער פריינד, דער דיכטער יעקב פרידמאַן, וואָס האָט געהאַט אַ וווינונג אין זיין רבישן 4־שטאָקיקן ירושה־הויז אין דער שטעפאַני־גאַס. איך בין געווען זיכער אַז וויפל משפחות ס'זאָלן נישט קומען צו אים וווינען, וועט ער פאַר מיין קליינער משפחה נאָך געפונען פלאַץ. און איך האָב מיך נישט טועה געווען.

אַרום 5 אַזייגער נאָכמיטאָג, זענען מיר פאַרטיק געוואָרן מיטן פּאַקן. יעדער פון אונדז, איך, מיין פרוי און מיין 20־יאָריקער זון, האָט אָנגעטאָן אויף זיך דעם אָנגעפּראָפּטן רוקזאַק. מיר האָבן נאָך געוואָרפן אַ לעצטן בליק אויף דער שטוב, אויפן מעבל, יאָ, אַפילו

אויף דער קאַץ, וואָס איז רויִק געלעגן אין אַ ווינקל און געדרימלט, נישט אָנענדיק אַז זי בלייבט פאַריתומט, אָן די באַלעבאַטים, וואָס האָבן זי געקעכלט און געצערטלט.

מיין זון איז שטיינגעבליבן פאַר זיין ביכערשאַנק און לאַנג געקוקט אויף די ביכער. ערשט מיט עטלעכע חדשים צוריק האָט ער ביי אָפּפאָרנדיקע קיין דייטשלאַנד טשערנאָוויצער דייטשן אָפּגעקויפט אַ צאָל טייערע זעלטענע דייטשע און ענגלישע ביכער, לעקסיקאָנס, קונסט־ביכער. אַז עמעץ האָט אַזאַ בוך געגומען אין האַנט, האָט ער געציטערט, אַז ער זאָל, חלילה, נישט פאַרקנייטשן, אָדער נישט פאַרפלעקן אַ בלעטל. אַז ער האָט איצט אָפּגעווענדעט דאָס פּנים פון דער ביכערשאַנק, זענען זיינע אויגן געווען נאַס.

די גאַסן זענען שוואַרץ געווען פון מענטשן. צענדליקער טויזנטער האָבן זיך באַוויגן אַראָפּצו, צו די אונטערשטע געטאָ־גאַסן. יידן באַלאָדן מיט פּעקלעך, בינטלעך, רוקזעק, געשלעפּט אויף זיך און געפירט אויף קינדער־וועגעלעך (דאָס האָט מען געמעגט). מאַמעס האָבן געטוליעט קינדער צו זיך, געפירט ביי די הענט־לעך. עס זענען געגאַנגען אַלטע און קראַנקע, לאָמע און בלינדע. און הינטער אָט דער באַוועגלעכער מאַסע, זענען נאָכגעגאַנגען עס־עס־אָפיצירן און געמאַכט פאָטאָגראַפישע אויפנאַמעס — פאַראייביקן דעם דאָזיקן גרויסן דייטשן נצחון. איז דאָך נאָך אַזאַ זיג דאָס טויזנטיאָריקע רייך געווען שוין אַזוי גוט ווי אין קעשענע...

די שטעפּאַני־גאַס איז געווען געדיכט פון מענטשן. שווער געווען אַ באַלאָדענער זיך אַדורכצוברעכן אַ וועג. די זון האָט געהאַלטןביים פאַרגיין. אירע לעצטע שטראַלן האָבן געגליט, געפיבערט, איבערגעגאָסן פּנימער מיט בלוטיקער רויטקייט.

...די שקיעה ברענט אַלץ ווי אַ שייטער,<br>און פול איז מיט תליות די ערד...<br>איך שפּאַן איצט אַדורכן געטאָ<br>מיט טויזנטער זילבערנע בערד.

זיידעס און זיידעס און זיידעס,
און סע מישן זיך דורות און שטעט,
און גלייך ווי ביי הונדערטער דורות
איז מיין האַלדז צום חלף געגרייט.
(„אין געטאָ צו מנחה״)

נישט איינער האָט דעמאָלט, ביי זון־פאַרגאַנג אין געטאָ, געפילט, אַז ער איז אַ רינג אין דער לאַנגער גורל־קייט פון דורות „זיידעס און זיידעס און זיידעס״. נאָר אויסגעפיבערט דאָס דאָזיקע געפיל אין אַ ליד האָט יעקב פרידמאַן, מיט עטלעכע חדשים שפּעטער, שוין אין זיין „בייער היים״ — אין טראַנסניסטריע וווהין ער איז געגאַנגען מיטן ערשטן טראַנספּאָרט.

אָבער אין דעם פרידמאַנישן 4־שטאָקיקן הויז האָבן פון אַ וווינונג, טיר ביי טיר מיט די פרידמאַנס, אַרויסגעקלונגען פריילעכע שמחת תורהדיקע געזאַנגען, וואָס זענען געווען אַזאַ שאַרפע סתירה צו דער תשעה באבדיקער שטימונג וואָס האָט דעמאָלט געהערשט. אָבער אַ באַיאַנער חסיד איז צוריקגעקומען פונעם באַיאַנער רבין (וואָס האָט געוווינט אין אַן אַנדער גאַס אין געטאָ) און איבערגעגעבן אַז: „דער רבי האָט געהייסן פריילעך זיין״...

זיי זענען אַלע געגאַנגען מיטן ערשטן טראַנספּאָרט — דער באַיאַנער, דער האָראָדענקער, דער זאַלעשטשיקער רבי. געגאַנגען מיט די ספר־תורהס אין די אָרעמס, מיט אויפגעהויבענע קעפּ, זיכערע, רויִקע, אָן מורא, ווייל: „ווען איך גיי אויך אין טאָל פון טויט, האָב איך נישט קיין מורא, וואָרעם דו ביסט מיט מיר״. ער איז מיט זיי נישט געווען. קיין איינער פון זיי איז נישט צוריקגעקומען פון יענעם וועג.

# דאָס צייטונגסבלעטל

ווײַנענדיק אין געטאָ ביי די פרידמאַנס, בין איך מיט מיין פאַמיליע אויך געגאַנגען מיט זיי מיטן ערשטן טראַנספּאָרט קיין טראַנסניסטריע. צוזאַמען מיט אונדז איז אויך מיטגעגאַנגען דער באַקאַנטער שרייבער ברוך האַגער. די „רייזע" איז נישט געווען פון די אָנגענעמסטע... מיר זענען זייער ווייניק געפאָרן און זייער אַ סך געגאַנגען. אָנגעלאָדן מיט שווערע רוקזעק אויף די פּלייצעס און פּעקלעך און בינטלעך אין די הענט (אונדזער לעצט פאַרמעגן), האָבן מיר זיך געקאָרטשעט, געבויגן אין דרייען אונטער דער שווערער לאַסט. דערצו נאָך זענען די רומענישע זעלנער נאָכגעגאַנגען פון הינטן מיט ווילדע „דאַי דרום"־געשרייען (אויף יידיש אַזוי פיל ווי: הייבט פיס! אָדער: געגאַנגען!) באַגלייט זענען די געשרייען געווען מיט קאָלבנקלעפּ איבער אונדזערע קעפּ און רוקנס. איז נישט קיין חידוש וואָס אַ סך — זקנים, קינדער, שוואַכע און קראַנקע, זענען שוין ביים אָנהייב אַוועקגעפאַלן, צוריקגעבליבן אונטערוועגס. אויף אונדזער וועג האָבן מיר געטראָפן ליגן נישט איין טויטן פון די פריערדיקע טראַנספּאָרטן פון אַנדערע שטעט.

דער מאַרשרוט איז געווען געפּלאַנט, אַז מען זאָל אויסמיידן שטעט, דערפער, שאָסייען, נאָר גיין איבער פעלד־און הינטערוועגן, ווייט פון מענטשלעכע ישובים. מען האָט געטאָפּטשעט אין די טיפע האַרבסטיקע בלאָטעס. די באַרימטע בעסאַראַבישע פעטע, ווייכע שוואַרצערד, וואָס איז געווען אַ ברכה פאַרן בעסאַראַבישן פּויער, איז געווען אַ קללה פאַר די יידישע גייערס.

אַלע בעסאַראַבישע שטעטלעך זענען אין יענער צייט געווען — יידישע בית־עלמינס. ווי נאָר די רוסן האָבן אָפּגעצויגן פון בעסאַראַביע און די רומענישע אַרמיי איז אַריין, האָבן די זעלנער

צוזאַמען מיט דער אַרטיקער באַפעלקערונג אויסגעהרגעט דאָס רוב יידן. די קליינע לעבנגעבליבענע רעשטלעך האָט מען געטריבן קיין טראַנסניסטריע.

נאָך עטלעכע טעג גיין, האָט מען אונדז אין אַ פאַרנאַכט אַריינגעפירט אין אַ קליין בעסאַראַביש שטעטל. דאָס איז געווען צום ערשטן מאָל נאָך פירן אונדז אויף הינטערוועגן. ווייט פון אַ ישוב.

דערזעענדיק פון ווייטן הייזער פון אַ שטעטל, האָבן אונדזערע הערצער אָנגעהויבן שטאַרקער צו קלאַפּן פאַר פרייד. ענדלעך וועלן מיר קאָנען אַנידערלייגן די קעפּ אין אַ יידישן שטעטל, שלאָפן אַ נאַכט אונטער אַ יידישן דאַך!

מיר האָבן געהאַט אַן ענלעכע איבערלעבונג ווי עס האָבן געדאַרפט האָבן די האַלב־טויטע שיפּברוכיקע פּאַסאַזשירן פון עדגאַר פּאָ׳ס אַ נאָוועלע, ווען זיי האָבן פון דער ווייטנס דערזען אָנקומען אַ שיף — זייער רעטונג! די פאַרמאַטערטע האָבן געזען, ווי די מאַטראָזן פון יענער שיף שמייכלען צו זיי, און איינער באַגריסט זיי אַפילו מיט אַ פאָכנדיק טיכל... נאָר ווען די שיף איז צוגעשוואומען גאַנץ נאָענט, האָבן זיי אויפגעשוידערט, זעענדיק שטאָט לעבעדיקע מאַטראָזן — די סקעלעטן פון מאַטראָזן וואָס זענען מיט אַ לאַנגער צייט צוריק אויסגעשטאָרבן אויף דער שיף פון אַ מגיפה. די אַרויס־סטאַרטשענדיקע ציינער פון די צעפוילטע און צעפרעסענע מיילער, זענען דאָס געווען די „שמייכלען" און די אין ווינט ווייענדיקע העמדאַרבלען — דאָס „פאָכנדיקע טיכל", וואָס די אומגליקלעכע אין זייער רעטונגס־שיפל האָבן פון ווייטן געזען.

אַריינקומענדיק אין שטעטל, האָבן מיר געזען: צעשטערטע הייזער מיט אַרויסגעריסענע טירן און פענצטער. אין די ליידיקע אָפענע שטיבער זענען געלעגן קופּעס מיסט און שמאַטעס, איבער וועלכע סע זענען פראַנק און פריי אַרומגעשפּרונגען שטשורעס גרויס ווי די קעץ. איבער די חרובע קראָמען און קלייטלעך זענען נאָך

געווען צוגעקלאַפּט שילדן מיט די יידישע נעמען. איבער די פּאַר־מיסטיקטע געסלעך זענען אומגעלאָפן מחנות הײמלאָזע הינט און קעץ — די איינציקע לעבעדיקע בריאים אין שטעטל. וואָס מיר האָבן נישט געקענט פאַרשטיין, איז געווען, וואָס כמעט פאַר יעדן הייזל איז געווען אַ גרויס (און פריש) בערגל ערד. ערשט שפּעטער האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז די בערגלעך זענען געווען די קברים פון די דערהרגעטע יידן, וועלכע די זעלנער, אויפן באַפעל פון די אָפיצירן, האָבן באַגראָבן — יעדע פאַמיליע פאַר איר הייזל...

אין אָט די הייזלעך האָבן מיר געדאַרפט איבערנעכטיקן, אויס־רוען די פאַרמאַטערטע גופים און די צעשרויפטע נערוון פון דעם לאַנגן שווערן וועג... דאָס שטעטל האָט געהייסן: מאַרקולעשט (אגב, דאָס געבוירנשטעטל פון דעם טשערנאָוויצער יידישן דיכטער מאיר כאַראַץ, וועלכער איז רעכטצייטיק אַנטלאָפן קיין רוסלאַנד).

צו מאָרגנס האָט מען אונדז ווייטער געטריבן. שפּעט נאָכמיטאָג האָט מען אונדז אָפּגעשטעלט אין אַ העק, נישט ווייט פון אַ שטעטל. אין אַ גרויסן הויף זענען געשטאַנען קאַמערן. דאָרט האָבן אונדז די זעלנער געשטעלט אַרבעטן. מיר האָבן געדאַרפט דעם הויף און די קאַמערן רייניקן פון די בערג מיסט, וואָס האָבן זיך דאָרט געפונען.

דורכגעווייקט פון די קאַלטע האַרבסטיקע רעגנס, זענען מיר געשטאַנען און געאַרבעט. פּלוצלונג האָב איך דערזען אַרויסשטעקן פון מיסט אַ צייטונגסבלעטל מיט יידישע אותיות. איך האָב עס פאָרזיכטיק אַרויסגעצויגן פון מיסט. דאָס איז געווען אַן אַלט פאַרגעלט בלעטל פון אַ נומער „טשערנאָוויצער בלעטער״, ווו איך בין געווען אַ שטענדיקער מיטאַרבעטער. איך האָב דאָס בלעטל אויסגעגלייכט, עס געגלעט און געצערטלט ווי אַ קראַנק קינד. און אַז מיין בליק איז געפאַלן אויף אַ קעפּל פון דעם בלעטל, איז אַ ציטער אַדורך אַלע מיינע אברים און איך בין שטיין געבליבן ווי אַ פאַרגליווערטער. אַז איך בין אַ ביסל צו זיך געקומען, האָב איך דאָס

בלעטל צוגעטראָגן צו יעקב פרידמאַנען, וועלכער האָט נעבן מיר געאַרבעט, און אָן אַ וואָרט צו זאָגן, אים געוויזן אויפן קעפּל פון דעם מאמר. דאָס איז געווען: מיינע אַ רעצענזיע אויף יעקב פרידמאַנס פּאָעמע „אדם". (טשערנאָוויץ, 1934).

דערזעענדיק דאָס, האָט זיך פרידמאַן צעוויינט.

# די שטומע איז רעדנדיק געוואָרן

ס׳הייסט אַז ביי גרויסע פסיכישע אויפטרייסלונגען ווערן אָפט פּאַראַליזירטע געהיילט, און שטומע הייבן אָן רעדן. פּאַרוואָס זשע זאָל מען נישט גלייבן אַז אַזוינע אויפטרייסלונגען קאָנען אויך האָבן אַ ווירקונג אויף — „קונסט־פּאַראַליטיקער״? אַ באַווייז: אין דער גרויסער יידישער קאַטאַסטראָפע איז אויך די קינסטלעריש־שטומע אַקטריסע ב. געוואָרן „רעדעוודיק״. זי האָט זיך פלוצלונג דערהויבן צו יענער סצענישער הייך, וואָס נאָר וועלטבאַרימטע מייסטער קאָנען דערגרייכן. דאָס פּובליקום פאַר וועלכן זי האָט איצט געשפּילט, איז באַשטאַנען פון צווייפיסיקע רויב־חיות, און די בינע־ברעטער אויף וועלכע זי איז אויפגעטרעטן, זענען געווען שמאָלע, וואַקלעדיקע, און געהאָנגען זענען זיי איבער אַ טיפן אָפּגרונט. איין אומפאָרזיכטיקע באַוועגונג, און זי האָט געקענט פאַרזינקען אין שוואַרצן תהום, איין פאַלשע מינע, און זי האָט געקענט צעריסן ווערן פון די בלוטדאָרשטיקע צושויער. און דאָך זענען אירע באַוועגונגען געווען זיכערע און פרייע, אירע הענט האָבן נישט געציטערט ווען זי האָט אונטער זיך דערפילט אַן אָפּגרונט, און בעת אירע ציין האָבן געקריצט מיט שנאה און נקמה, האָבן אירע ליפּן מילד געשמייכלט...

זי האָט געשטאַמט פון אַן אוקראַיניש שטעטל פון יענער זייט דניעסטער. אין דער צייט פון רוסישן בירגערקריג, איז זי צוזאַמען מיט צענדליקער טויזנטער יידן אַנטלאָפן פון די פּעטלורישע פּאָגראָמען. און זיך באַזעצט אין אַ בעסאַראַביש שטעטל. געקומען צו דער בינע איז זי נישט אַדאַנק איר שיין פּנים אָדער פּאַסיקער בינע־געשטאַלט. און אַוודאי נישט צוליב „דעם רוף פון איר קינסטלערישן בלוט״. נאָר פּשוט דערפאַר, ווייל זי האָט חתונה געהאַט

מיט דעם אַקטיאָר ס. — דעמאָלט אַ „סטאַר" (ריכטיקער: אַ סטאַרעלע) פון אַן אייגן טעאַטער־טרופּעלע.

נאָר לאָמיר אייך אַריינפירן אין דעם „טעאַטער־זאַל" און אייך באַקענען מיט פּובליקום און בינע, אויף וועלכער עס האָט צום ערשטן (און לעצטן) מאָל אויפגעלויכטן דער שטערן פון דער רומעניש־יידישער אַקטריסע ב.

צייט: 1944—1941. אָרט: דאָס אוקראַינישע שטעטל יאַמפּאָל ביים דניעסטער, וואָס האָט אין אָט די יאָרן געהערט צו דער ניי געבאַקענער רומענישער פּראָווינץ „טראַנסניסטריע", וועלכע רומעניע האָט באַקומען במתנה פון איר „גלאָררייכן" אַליאירטן, פאַר העלפן אים באַפּעסטיקן דאָס טויזנט יעריקע רייך...

די רומענער האָבן נישט געבויט קיין קרעמאַטאָריעס, קיין גאַזקאַמערן. צו אַזוינע קולטור־דערגרייכונגען זענען זיי נישט דער־גאַנגען. זיי האָבן „בלויז" פאַרשפּאַרט טויזנטער יידן אין איין קליין געסעלע, צענדליקער אין איין באַראַק, און יידן זענען „אַליין" געשטאָרבן — פון הונגער, פון טיפוס, פון דיזענטעריע.

איין שעה אין טאָג, צו דער באַשטימטער צייט, האָבן יידן געמעגט גיין אויפן אוקראַינישן באַזאַר זיך קויפן שפּייז. אין דער ערשטער צייט האָבן נאָך אַ סך געקענט לעבן פון די אַדורכגע־שמוגלטע (איינגענייט אין מלבושים) גאָלדענע רינגלעך. שפּעטער האָט מען אָנגעהויבן קויפן פּראָדוקטן פאַר חפצים, מלבושים, וועש. געווען אַ סך וואָס האָבן שוין פון אָנהייב אָן נישט געהאַט מיט וואָס צו קויפן.

שטייט אַזאַ מאַמע אויפן באַזאַר און קוקט אויף די פולע קענדלעך סמעטענע און מילך, ברויטן און פּרוכטן, אייער און גרינוואַרג. ווען עמעץ פון די יידן וואָלט איר כאָטש „געבאָרגט" אַ מאַרק אויף אַ פלעשל מילך פאַרן קינד, וואָס ליגט אין היץ. אָבער אין אַזאַ צייט איז יעדער האַרט, יעדער פאַר זיך. שטייט זי מיטן ליידיקן פלעשל אַ פאַרצווייפלטע, אַ פאַרלוירענע. פלוצים הערט זי

ווי עמעץ רופט: פֿאַני, כודיט סודאַ! זי דרייט זיך אום. אַ גויע פֿון אַ טישל רופֿט זי מיטן פֿינגער. גייט זי צו.

— קויף, פֿאַני. פֿרישע סמעטענע. פּוטער, אייער, מילך, אַ געשמאַק ברייטל...

— איך האָב נישט קיין געלט, גאַזדענקאַ, נישט קיין געלט און נישט קיין זאַכן אויף צו בייטן.

— עס מאַכט נישט אויס, פֿאַני, וועסטו מיר צאָלן מאָרגן, אַ צווייט מאָל. גאָט וועט העלפֿן. און ביים וואָרט „גאָט" צלמט זי זיך איבער, און שוין שטופּט זי איר אַריין אין דער האַנט אַ קאָרנע ברייטל און פֿילט איר אָן די פֿלאַש מיט מילך. די פֿרוי כאַפּט דעם אוצר און אַנטלויפֿט אַ גליקלעכע „אַהיים".

אַז די שעה איז פֿאַרביי און די זעלנער טרייבן די יידן צוריק אין געטאָ אַריין, האָבן די פּויערטעס פֿון די שכנישע טישלעך טענות צו מאַריאַן, הלמאי זי גיט מתנות די זשידעס.

— זאָגט דאָס נישט ליבינקע, ענטפֿערט די צדקה־געבערין. אויב זיי האָבן געזינדיקט פֿאַר גאָט, וועט ער זיי שוין אַליין שטראָפֿן. ער דאַרף נישט, אַז מיר זאָלן אים דערצו העלפֿן. יעזוס קריסטוס זאָגט (און דאָ צלמט זי זיך ווידער) אַז מען זאָל ליב האָבן אַפֿילו אַ שונא און אַז עמעץ שלאָגט דיך אויף איין באַק, זאָגט ער, דאַן — און זי שיט מיט פּסוקים פֿון דער עוואַנגעליע, ציטירט, ברענגט באַווייזן. די פּויערטעס קוקן אויף דעם גרויסן צלם אויף איר ברוסט און שווייגן. ווען זי צערעדט זיך וועגן דעם „פּאַן יעזוס" און אַלע הייליקע, האָבן זיי נישט וואָס צו ענטפֿערן. זיי האָבן דרך־ארץ פֿאַר אָט דער מאַריאַ, וואָס איז אַזוי בקי אין די הייליקע שריפֿטן, אַזאַ נאָענטע מחותנעסטע מיט אַלע אַפּאָסטאָלן... מסתמא איז זי אויך אַ הייליקע.

זי איז אין יאַמפּאָל נישט לאַנג, נאָר איר געשיכטע קאָנען שוין אַלע. זי שטאַמט פֿון אַ דאָרף אַזש נעבן קעשענעוו. איר מאַן איז געווען דער גלח פֿון דאָרף. ער פֿלעגט פֿראַנק און פֿריי פּרעדיקן

אין דער קירך קעגן קאָמוניזם און אַז די רוסן זענען געקומען, האָט מען אים תיכף אַרעסטירט און דערשאָסן. אויך דער פרוי האָט מען געזאָלט אַרעסטירן, איז זי רעכטצייטיק אַנטלאָפן אַהער. דאָ האָט זי אַרבעט איבערן קאָפּ. די רוסן האָבן ביים אָפּציען מיטגענומען אַלע יונגע און געזונטע מענער. נישטאָ ווער עס זאָל באַאַרבעטן די פעטע אוקראַיִנישע ערד. אַרבעטן אין שטאַל און אין גאָרטן. האָט מען מאַריאַן ממש צעריסן. איצט פאַרקויפט זי דאָס מילכיקס פון אַ רייכער פּויערטע. יאָ, זי איז אַ הייליקע. אַפילו אין די וואָכנטעג קען מען זי טרעפן אין קירך, קניענדיק פאַר דער „מאטקא באָסקא״.

יעדן פרימאָרגן פירט אַרויס די אוקראַיִנישע מיליץ גרופּן יידן פון געטאָ, צו פאַרשידענע צוואַנג־אַרבעטן. פאָרויס רייט אויף זיין פערד דער „פּאַן דודניק״, דער נאַטשאַלניק פון דער מיליץ. ער רעדט צו יידן בלויז אויף שטום־לשון — מיט דער לעדערנער נאַגייקע, וואָס האָט עטלעכע פעסטע בליי־קניפּן... אויף דער נאַכט קומען די יידן צוריק צעקיילטע און צעביילטע, אַ סך — מיט אונטערגעהאַקטע לונגען.

אָפּט וואַקסט אויס מאַריא פאַרן געטאָ פונקט דעמאָלט, ווען דער „פּאַן דודניק״ דערפילט זיין „דינסטלעכע פליכט״. זי גייט צו אים צו, מאַכט איבער אים אַ צלם, בענטשט אים און דערציילט, אַז איר מאַן, דער פּאָפּ סעמיאַן פּעטרעשענקאָ, אין גן־עדן זאָל ער רוען, איז איר געקומען צו חלום און אים, דודניקן, געהייסן זאָגן, אין נאָמען פונעם פּאַן יעזוס קריסטוס, אַז מען טאָר נישט פּייניקן קיין מענטשן, אַפילו נישט קיין שונאים. און זי מישט אים אויף פסוקים פון קאַטעכיזם. ברענגט ציטאַטן פון פּעטרוס, פון פּאַולוס, און אַנדערע הייליקע. זי מאַכט ווידער אַמאָל איבער אים אַ צלם און פאַרזיכערט אים, אַז אויב ער וועט היטן דעם הייליקן „זאַקאָן״, וועט אים זיין גוט און ער וועט מצליח זיין און אויב נישט — דאָ רעכנט זי אויס אַלע קללות פון דער תוכחה...

דודניק שמייכלט כלומרשט שפּאָטיש. נאָר אין האַרצן הייבט אָן

גוט צו קאלאָקאָטשען. ער ווייסט, אַז מיט הייליקע און טויטע, וואָס קומען צו חלום, טאָר מען זיך ניט שפּילן...

פאַרנאַכט, אַז זעלנער הוליען און שיכורן אין דער קאַזאַרמע, גנבעט זיך מאַריא צו צו די דראָט־פאַרצוימונגען פון געטאָ, קוקט לאַנג אַריבער, וואָס עס טוט זיך אינעווייניק, און אַז זי דערזעט אַן אָפּגעריסן אָפּגעשליסן ייִנגעלע, רופט זי אים צו און שטופּט אים אַריבער אַ שטיק ברויט און עטלעכע עפּל. אַ צווייט מאָל דערלאַנגט זי אַ ייִדענע עטלעכע מאַרק. אין געטאָ הייבט מען אָן וועגן איר רעדן. און שפּעטער — זיך וועגן איר צו שושקען... איינער פאַרזיכערט, אַז ער וואָלט געקענט שווערן, אַז... באַלד געפינט זיך אויך אַ צווייטער וואָס „וואָלט געקענט שווערן"...

איך האָב נישט געלייגט קיין אַכט אויף די אַלע רייד, ווייסנדיק, אַז אויף דער צעשפּילטער פאַנטאַזיע פון לאַגער־ייִדן טאָר מען נישט בויען. און דאָך בין איך געווען נייגעריק זי צו זען. אַזאַ געלעגנהייט האָט זיך באַלד געמאַכט.

איך בין צוגעטיילט געוואָרן צו אַרבעטן אין אַ מיל. פּויערים. דער עיקר פּויערטעס, האָבן מיט וועגעלעך געבראַכט צו מאָלן קאָרן און ווייץ, און האָבן אין דער מיל געוואַרט אויף זייער ריי. אַ מיטליעריקע פּויערטע, מיט אַ טיפּש־סלאַוויש פּנים, מיט אַ צלם אויף דער ברוסט, האָט געצויגן מיין אויפמערקזאַמקייט. מיר איז פאַרגע־קומען, אַז איך האָב זי שוין ערגעצוווּ געזען. מיין זכרון האָט אָנגעהויבן זיך גריבלען, זוכן. און ענדלעך — זיך דערמאָנט. זאָל דאָס זיין אָן ענלעכקייט?

דאָ האָבן זיך אונדזערע בליקן באַגעגנט. זי האָט געביטן די פאַרב. נאָר נישט גערירט מיט קיין מוסקל. איך האָב געדאַרפט אַריבערטראָגן פולע זעק אין אַ ווייטן ווינקל, ווו קיין מענטשן זענען נישט געווען. פּלוצים האָב איך הינטער מיר געהערט רופן שטיל מיין נאָמען. איך האָב אויפגעציטערט. זי איז פאַר מיר געשטאַנען און שטומערהייט געדריקט מיין האַנט. אירע אויגן זענען געווען נאַס.

בלויז איין רגע, האָט געדויערט די שטומע באַגריסונג, דאַן איז זי גיך אַוועק און זיך אויסגעמישט מיט די פויערים.

אין מערץ 1944 זענען די רוסן אַריין קיין יאַמפּאָל. דאָס געטאָ איז אויפגעלייזט געוואָרן. „טראַנסניסטריע" איז ווידער געוואָרן דאָס, וואָס עס איז פריער געווען — סאָוויעטישער שטח. אין 1945 האָב איך געוווינט אין יאַס. אין איינעם אַן אָוונט בין איך געזעסן ביי אַ יידישער טעאַטער־פאָרשטעלונג. (די ערשטע נאָכן חורבן). נאָכן ערשטן אַקט בין איך געגאַנגען מיך באַגריסן מיט באַקאַנטע אַרטיסטן הינטער די קוליסן. די ערשטע וואָס איז מיר אַנטקעגן געקומען איז געווען — די אַקטריסע ב. זי האָט געדאַרפט אויפטרעטן אין צווייטן אַקט אַלס דינסטמיידל וואָס קומט גרייטן דעם טיש און זאָגן די ווערטער: „מיינע דאַמען און הערן, דער טיש איז געגרייט". נישט מער. איך האָב געקוקט אויף מיין אַלטער באַקאַנטער אַקטריסע ב. און געטראַכט, אַז יענע, וואָס האָט אַזוי געניאַל דורכגעפירט די ראָלע פון דער פרומער גלח'טע מאַריא, האָט מיט אָט דער אַקטריסע גאָר קיין שייכות נישט. דאָס ליכט וואָס האָט אַזוי העל אויפגעפלאַמט אין יענער שטאָק־פינצטערער נאַכט, איז פאַרלאָשן געוואָרן ווי באַלד עס האָט גענומען טאָגן. די רעדנדיקע אַקטריסע ב. איז ווידער שטום געוואָרן...

# דער אָפּטימיסט

דאָס אוקראַיִנישע שטעטעלע יאַמפּאָל (ביי שלום עליכם הייסט עס „יאַמפּעלע״), וואָס ליגט אויף דעם סאָוויעטישן דניעסטער־ברעג, האָט אין יאָר 1941 געהאַט כמעט דאָס זעלבע פּנים ווי פאַר דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע. די „וועלט פון מאָרגן״ האָט פון דעם יידישן שטעטל נישט געקענט אין גאַנצן פאַרווישן דעם חן פונעם ראָמאַנ־טישן נעכטן.ביים ערשטן בליק אויף דעם דאָזיקן שטעטל האָט מען תיכף דערקענט אַז דאָס איז אַ לייבלעכע שוועסטער פון קאַסרילעווקע און מאַזעפּעווקע...

דאָ האָבן זיך נאָך געשלענגלט געסלעך און הינטערגעסלעך, ליקעלעך און סטעזשקעלעך. כמעט יעדעס שטיבל האָט נאָך געהאַט זיין פּריזבע. יידישע ווייבער האָבן נאָך אַלץ געקאָכט וואַרעמס און וועטשערע אויף טריניטשקעס, און פאַרמאָגן אין הויף אַן אייגענעם קלאָזעט פאַר זיך אַליין, האָבן זיך נאָר געקענט פאַרגינען גבירים...

אַז אַ טראַנספּאָרט רומענישע יידן זענען (אין אָקטאָבער 1941) געבראַכט געוואָרן קיין יאַמפּאָל, זענען יידישע קינדער אַרויס פון די שטיבער מיט פריילעכע געשרייען:

— מאַמע, פאַרשטעלערס זענען געקומען!...

פאַר די יאַמפּאָלער יידישע קינדער, וואָס האָבן צום ערשטן מאָל דערזען צווישן די אָנגעקומענע — מיידלעך אָנגעטאָן אין הויזן, פרויען מיט שטויב־שלייערס אויף די קעפּ, — האָט דאָס נישט אַנדערש געקענט זיין ווי פאַרשטעלערס.

די יאַמפּאָלער יידישע מאַמעס אָבער (ווען מענער און על־טערע זין האָבן זיך געפונען אויף די פראָנטן) האָבן גאַנץ גוט געוווסט אַז פאַר די דאָזיקע „פאַרשטעלערס״ איז היינט נישט פּורים נאָר דווקא תשעה־באב; אַז אַ גרויסער בראָך איז געקומען

אויך יידן פון אַלע קאַנטן, אַלע לענדער איבער וועלכע דער דייטש האָט פאַרשפּרייט זיין ממשלה. זיי, די יאַמפּאָלער יידישע מאַמעס, האָבן געאַנט אַז אויך זיי דערוואַרט דער זעלבער גורל ווי די רומענישע יידן, אַרויסגעטריבן צו ווערן אויך פון זייערע היימען.

די רומענישע יידן זענען אין יאַמפּאָל איינגעקוואַרטירט געווארן אין אַלטע חורבות, אין צעשאָסענע מאַגאַזינען און שטאַלן און אויך אין יידישע הייזער. די יאַמפּאָלער יידן האָבן זיך ממש געריסן אַריינצובאַקומען צו זיך אין די שטיבער רומענישע יידן, נישט אַזוי לשם מצווה ווי פאַר זייער אייגענער טובה וועגן: מיט די רומענישע יידן האָבן זיי זיך געפילט מער געשיצט, זיכערער. די רומענישע יידן זענען פאַרט מיט זייער אייגענער „וולאַסט", קענען זיך צונויפרעדן מיט די זעלנער, אָפּיצירן און מיט די פונקציאָנערן פון דער ציווילער פאַרוואַלטונג. מיט איין וואָרט: זענען צווישן „אייגענע"... אין אַן עת צרה קענען זיי אפשר אַריינלייגן אַ וואָרט, העלפן.

די דאָזיקע האָפענונג איז אָבער געווען אַן אומזיסטיקע. באַלד נאָך אונדזער אָנקומען, האָט מען די יאַמפּאָלער יידן אין איינעם אַ טאָג צונויפגענומען און זיי פאַרשיקט אין ווייטע אַרבעטס־לאַגערן. און פאַר אונדז, די „אייגענע" יידן. האָבן די רומענער געשאַפן אַ געטאָ פון צוויי הינטער־געסלעך.

יעדן פרימאָרגן איז אַ סערזשאַנט מיט עטלעכע זעלנער געקומען אין געטאָ אַריין און גענומען יידן צו פאַרשידענע אַרבעטן. ערגער איז געווען ווען עס איז געקומען צו רייטן אין געטאָ אַריין דער קאָמענדאַנט פון דער אוקראַינישער מיליץ, דער פאַן דודניק, אַ נידעריקער האָרבאַטער גוי מיט קליינע שטעכעדיקע אויגן און דינצונויפגעפּרעסטע ליפּן. זיין לעדערנער ראַפּניק פלעגט נישט אויסלאָזן קיין יידישע פּלייצע. ער פלעגט מיטרייטן ביז צום אַרבעטספּלאַץ מיט דער קאַלאָנע. צוריקגעבראַכט זענען די יידן געוואָרן

ביינאַכט — הינקעדיקע, מיט אויסגעקרימטע פּנימער פאַר ווייטיק, בלוטנדיקע.

די וואָס ס'איז געלונגען זיך אויסצובאַהאַלטן פון דודניקס הענט, פלעגן זיך אַדורכשלייכן צווישן די לאַבירינטישע ליקלעך און שטעגלעך, צו דעם שטיבל פון אינזשיניער לויפער, כדי צו שעפּן אַ ביסל דערמוטיקונג, אַ ביסל טרייסט און צו הערן פון אים „די לעצטע נייעס" פון די פראָנטן, וואָס פלעגן ביי אים תמיד אויספאַלן „גוט פאַר יידן".

דער טשערנאָוויצער אינזשיניער לויפער איז די גאַנצע צייט געלעגן. די „רייזע" פון טשערנאָוויץ אַהער האָט אים אַזוי „הערגענאָמען" ווי ער פלעגט זיך אין זיין דייטש אויסדריקן — אַז ער האָט זיך מער נישט געקענט אויף די פיס שטעלן. ער איז געלעגן אויף אַן אַלטן צעבראָכענעם באַנקבעטל וואָס די יאַמפּאָלער דעפּאָר־טירטע פאַמיליע האָט איבערגעלאָזט, צוגעדעקט מיט אַ שווערן וואָלענעם קאָץ וואָס דער איינציקער זון זיינער האָט אַהער דערטראָגן פון דער היים. זיין פּנים איז געווען בלייך, זיינע אויגן אויסגעלאָשן. נאָר ווען ער האָט דערציילט פון „אונדזערע" גרויסע נצחונות אויף די פראָנטן, האָבן זיינע אויגן געלויכטן מיט אַ העלן גלאַנץ. פון וואַנען ער האָט גענומען זיינע טעגלעכע נייעסן, האָט קיינער ניט געוווסט. יעדעס מאָל האָט ער אָנגעגעבן אַן אַנדערן מקור פון וואַנען ער שעפּט זיי. אַ מאָל פון אַ זעלנער וועלכער איז געקומען זוכן געזונטע מענער צו דער אַרבעט און מיט וועלכן ער זאָל האָבן פאַרפירט אַ שמועס, אַ צווייט מאָל פון אַן אונטערגעהערטן שמועס פון צוויי אָפיצירן אין דרויסן, וועלכע האָבן צווישן זיך גערעדט וועגן דער לאַגע אויף די פראָנטן.

— וואָס זשע האָבן זיי גערעדט? — איז מען צו אים צוגעשטאַנען.

— אַז די רוסן ציען זיך כסדר צוריק.

— איז דאָך ביטער ווי גאַל!

— ניין, מיינע הערן, ס׳איז גוט, ס׳איז זייער גוט...

— ווי אַזוי קאָן זיין גוט?

— ווען ס׳וואָלט געווען שלעכט — האָט אינזשיניער לויפער געדרונגען — וואָלט זיך דער רוס נישט צוריקגעצויגן: וואָס זשע, סע פעלן אים זעלנער, צי אמוניציע? איז אויב ער ציט זיך כסדר צוריק, הייסט עס, אַז ער וויל דעם דייטש אַריינגאַרן אַלץ טיפער צו זיך אין לאַנד אַריין, און דעמאָלט — — —

— אָבער זיי רעדן דאָך דאָ אומזין, זאָלן זי מיר שוין אַנטשולדיקן — פלעגט דער טשערנאָוויצער אַדוואָקאַט גרינבערג, דער אייביקער שוואַרצזעער, אַ מאַך טאָן מיט דער האַנט — זעען זי דען נישט, אַז דער דייטש זיגט אויף אַלע פראָנטן? וויר יודען זינד פערלאָרען! דאָס איזט זיכער...

דעם אַדוואָקאַט גרינבערג האָבן אַלע פיינט געהאַט, כאָטש מען האָט איינגעזען אַז ער רעדט לאָגיש. דעם אינזשיניער לויפער דאַקעגן, מיט זיינע אייביקע „ישועות״ און „נחמות״, וואָס האָבן קיין שום לאָגישן יסוד נישט געהאַט, האָט מען ליב געהאַט, מען פלעגט צו אים לויפן ווי צו אַ גוטן יידן, און מער פון אַלע איז ביי אים איבערגעלעגן — דער אַדוואָקאַט גרינבערג... ער האָט ממש נישט געקענט לעבן אָן אים...

איין מאָל האָט אינזשיניער לויפער דערטאַפּט ערגעץ אַ שטיקל רומענישע צייטונג. אין קריגס־קאָמוניקאַט האָט זיך גערעדט וועגן וויכטיקע פּאָזיציעס וואָס די דייטשן האָבן דעראָבערט און וועגן די אומגעהויערע פאַרלוסטן וואָס די רוסן האָבן דערביי געהאַט.

— נו, הער אינזשיניער. וואָס ווערדן זי יעצט זאָגן? — האָט אַדוואָקאַט גרינבערג געפרעגט און ממש געפיבערט צו הערן לויפערס ענטפער...

— איך זאָגע דערצו דאָס אונדזער זאַכע שטייט גלענצענד, אויסגעצייכנט.

— אָבער ווי־זאָ־דען?

— טאַקע דערפאַר. מען מוז קענען לייענען צווישן די שורות, מיינע הערן. די דייטשן האָבן לעצטנס גרויסע מפּלות, זיי האָבן פאַרלוירן גאַנצע רעגימענטן. מוז מען דאָך הייבן די מאָראַל פון דער אַרמיי. דערציילט מען וועגן נייע דעראָבערונגען. אַלעס „לוג־און־טרוג״. מיינע הערן. די ישועה איז נאָהנט, זייער נאָהנט...

אינזשיניער לויפּערס קרייז איז מיט יעדן טאָג אַלץ מער געוואַקסן. נאָר לויפּערס פּנים איז מיט יעדן טאָג אַלץ בלייכער געוואָרן, זיינע באַקן — אַלץ מער איינגעפאַלן.

אין דעם טאָג ווען די רומענישע זעלנער האָבן שוין גאַנץ פריי גערעדט וועגן דער גרויסער דייטשער מפּלה ביי סטאַלינגראַד, אין יענעם טאָג איז אינזשיניער לויפּער געלעגן אין גסיסה. ווען ער האָט אויף אַ רגע געעפנט די אויגן, האָט אים עמעץ פון זיינע חסידים אַריינגעשריגן אין אויער אַריין:

— הער אינזשיניער, די דייטשן האָבן געהאַט אַ צעשמעטערנ־דיקע מפּלה! די ישועה קאָן קומען יעדן טאָג. זי הערן, הער אינזשיניער, יעדן טאָג!

— יע־דע ש־ע־ה — האָט דער גוסס מיט גרויס אָנשטרענגונג אויסגעהויכט די צוויי ווערטער און איז אויף אייביק אַנטשוויגן געוואָרן.

זיין אַנטיפּאָד אָבער, דער אייביקער שוואַרצזעער, אַדוואָקאַט גרינבערג, האָט דערלעבט די ישועה. ער האָט עולה געווען און עס גייט אים דאָ אין ישראל — הלוואי אויף אַלע פּעסימיסטן געזאָגט...

# שווימט אַ שיפל אויפן ים...

אין „מולטער־שיפלעך" לאָזן זיך בחורים און מיידלעך, (שפעטער אויך גאַנצע פאַמיליעס) קעגן אַלע פאַרבאָטן פון די ענגלענדער, פאָרן קיין ארץ־ישראל. טעג און נעכט שווימען די דאָזיקע שיפלעך איף צעשטורעמטע ימען, קעמפן פאַרצווייפלט מיט ווילדע כוואַליעס. און אַז אַזאַ „רייזע" געלינגט, ווערט אַזאַ שיפל אין אַ פינצטערער נאַכט אָפּגעוואַרט פון הגנה־בחורים לויט אָפּגערעדטע צייכנס, ביי אָפּגעלעגענע נישט־באַוואַכטע ארץ־ישראל־ברעגעס און די פאַרמאַטערטע פּאַסאַזשירן ווערן גיך פאַרטיילט צווישן פאַרשידענע ישובים.

אָבער אין די מערסטע פאַלן אַנטדעקן די ענגלענדער אַזאַ מעפּילים־שיפל. דאַן שיקן זיי אַרויס קריגסשיפן קעגן „שונא". און ס׳קומט צו אַ פאַרביטערטן קאַמף צווישן די צוויי קענגער, צווישן ענגלישע מיט די מאָדערנסטע וואָפן אויסגעשטאַטע קריגסשיפן און דעם מולטער־שיפל, וועמענס קעמפער עס זענען באַוואָפנט מיט די „מאָדערנסטע" שטיינער, שטעקנס, ליידיקע קאָנסערוון־בלעכן און פלעשער...

אַזעלכע שלאַכטן פלעגן זיך, פאַרשטייט זיך, תמיד ענדיקן מיט אַ „זיג" פון די ענגלענדער, און מיט דער דעפּאָרטאַציע פון די באַזיגטע — אין די לעצטע צוויי־דריי יאָר פאַרן אויפקום פון דער מדינה — קיין ציפּערן.

קיין קפריסין זענען געבראַכט געוואָרן די מעפּילים פון די שיפלעך „מולדת", „שבתאי לוזאנסקי", „קוממיות", „גאולה", „טעאָדאָר הערצל" און פיל אַנדערע שיפלעך מיט ענלעכע טאָנאַזשן. כמעט אַלע מעפּילים פון אָט די „מולטערלעך" האָבן געשטעלט אַ ווידער־

שטאַנד דעם ענגלישן פּלאַץ. און נישט אַזוי לייכט איז די ענגלענדער אָנגעקומען זייער „נצחון".

אין דעם „שירון קפריסין", — אַן אָפּקלייב פון קפריסינער לאַגער־לידער אין פאַרשידענע שפּראַכן, געזאַמלט און איבערגעזעצט פון דעם דעמאָלטדיקן זייער פאַרדינסטפולן שליח, דב נוימאַן (דער היינט באַקאַנטער פאָלקלאָריסט ד"ר דב נוי) און זיין ברודער, דער קאָמפּאָזיטאָר מאיר נוי (וועלכער האָט אויך געשאַפן די מערסטע מוזיק צו די טעקסטן) — איז אויך אַריין דאָס אין די לאַגערן פּאָפּולער געוואָרענע ליד „שטה אָניה בים" (מוזיק פון ד"ר ל. סאבו), וואָס לייענט זיך אין אָריגינאַל אַזוי:

שווימט אַ שיפל אויפן ים,
אונטער פאָן בלאָ־ווייסער,
פלאַקערט אויפן דעק אַ טאַנץ,
ווילדער אַלץ און הייסער.

שווימט אַ שיפל אויפן ים,
צווישן כוואַליעס — לייבן,
וויל דאָס שיפעלע דעם ים
זיך נישט אונטערגעבן.

שווימט אַ שיפל אויפן ים,
שווימט אַזוי שוין יאָרן —
וויג זיך, וויג זיך, שיפעלע,
ועסט צום ברעג דערפאָרן.

# „פּאַן־יאָרק" און „פּאַן־קרעשטשענט"

מער מזל פון זייערע אחים לצרה האָבן געהאַט די צוויי מעפּילים־שיפן „פּאַן־יאָרק" און „פּאַן־קרעשטשענט". מיט אָט די שיפן האָבן זיך די ענגלענדער אויך גערעכנט ווי מיט ערנסטע קעגנער, קעגן וועלכע מען מוז אָנווענדן אַן אַנדער קריגס־טאַקטיק ווי זיי האָבן אָנגעווענדעט קעגן די „מולטער"־שיפלעך.

„פּאַן־יאָרק" און „פּאַן־קרעשטשענט" מיט זייערע 9000 טאָן (ביידע צוזאַמען) זענען געווען דער שטאָלץ פון דעם יידישן העפלה־„פלאָט"... קעגן אַזוינע צוויי „ריזן" האָט די ענגלישע אַדמיראַליטעט אַנטקעגנגעשיקט נישט ווייניקער ווי צען קריגסשיפן מיט אַן אַדמי־ראַל בראש.

די צוויי שיפן האָבן ביי זייערע אַמאָליקע באַלעבאַטים געפירט בלויז משאות. פאַסאַזשירן וואָלטן ביידע שיפן צוזאַמען געקענט אויפנעמען העכסטנס 8—7 הונדערט. ביי אונדז האָבן די דאָזיקע שיפן אויפגענומען די גרעסטע צאָל מעפּילים אין דער געשיכטע פון העפלה: פופצן טויזנט!

מער מזל האָבן אויך די מעפּילים פון די דאָזיקע שיפן געהאַט דערמיט, וואָס זייער אַרויספאָר פון די אַלטע היימען איז פאָרגע־קומען אויף אַ כמעט לעגאַלן אופן. נאָך מער: די רומענישע רעגירונג האָט די דאָזיקע עליה אַפילו אונטערשטיצט און געהאָלפן אָרגאַניזירן. ס'איז געווען דער לעצטער חודש פון יאָר 1947. די יידישע אונטער־גרונט אין ארץ־ישראל האָט געבליט. און דער ראַטנפאַרבאַנד האָט געהאַט דעם גרעסטן אינטערעס צו קומען די ענגלענדער „צו הילף" מיט 15 טויזנט פרישע יידן...

פון אַלע רומענישע שטעט און שטעטלעך זענען געפאָרן ספּעציעלע צוגן מיט יידן אין דער ריכטונג צום שוואַרצן ים. ביי

דעם בולגאַרישן פּאָרט בורגאַס זענען די פּאַסאַזשירן אויסגעשטיגן. און אַז די יידן האָבן דערזען אין ים די צוויי שיפן, אויף וועלכע עס האָבן פראַנק און פריי געפלאַטערט די בלוי־ווייסע פאָנען, האָבן אויך די ניכטערסטע און האַרטסטע נישט געקענט צוריקהאַלטן זייערע טרערן...

מען וועט פרעגן: ווי אַזוי זענען אַריין אין יעדער פון די דאָזיקע שיפן 7500 יידן?

דער שרייבער פון די שורות, וואָס איז געווען איינער פון יענע גליקלעכע פּאַסאַזשירן, קאָן דאָס ביז היינט אויך נישט פאַרשטיין. די „קאַבינעס" האָבן דערמאָנט אין טויבן־שלאַקן, אָדער אין שרענק מיט קליינע ענג־אַנגעפּיקעוועטע פאַכן פאַר וועש... אין יעדן אַזאַ „פאַך" איז געלעגן אַ משפחה פון דריי אירע. גרעסערע משפחות האָבן באַקומען אַ טאָפּלטן „שיכון". אין אָט די „פאַכן" (2500 אין יעדער שיף) האָבן „געוווינט" 7500 יידן! נאָר גלייבט מיר, אַז אַזוי באַקוועם ווי אין יענע „טויבן־שלאַקן" זענען יידן שוין לאַנג נישט געלעגן, און אַזוי גליקלעך ווי אין יענע „וווינונגען" האָבן זיי זיך שוין לאַנג, זייער לאַנג נישט געפילט...

אין דער נאַכט צווישן דעם 31טן דעצעמבער און דעם 1טן יאַנואַר 1948 זענען די צוויי מעפּילים־שיפן שוין געשוווּמען (אָן קאַמף) אין די טעריטאָריאַלע וואַסערן פון ציפערן, באַגלייט פון די 10 ענגלישע קריגס־שיפן... אַן ענגלישער קאַפּיטאַן האָט אין נאָמען פון דער אַדמיראַליטעט איבערגעגעבן דורך אונדזער קאַפּיטאַן (אַ בחורל פון אַ יאָר 23—24) „פאַר אַלע יידישע פּאַסאַזשירן די הערצלעכסטע גליקווּנטשן צום נייעם יאָר"... און דעם ערשטן יאַנואַר נאָכמיטאָג, איז דער יידישער „ישוב" הינטער די דראָט־פאַרצוימונגען אין ציפערן, וואָס האָט דעמאָלט געציילט עפּעס מער ווי 15.000 „איינוווינער" — אין איין טאָג באַרייכערט געוואָרן מיט דער טאָפּלטער צאָל יידן...

**צווישן די ציפּערנער לאַגער־לידער, — ערנסטע און הומאָ־ריסטישע — האָט מען אויך געקענט אַזאַ לידל:**

אויפן וועג שטייט אַ בוים,
שייט ער ווי אין דרימל,
פאָרט אַ ייד קיין ארץ־ישראל
ווערט אַ גרויס געטומל.

פאָרט אַ ייד קיין ארץ־ישראל
מאַכט מען אים אַ וואַרע,
קומען שיפן אים אַנטקעגן
אין דער פולער פאַרע.

שיפן פאָרנט, שיפן הינטן,
לעבעדיק און פריילעך, —
פאָרט אַ ייד קיין ארץ־ישראל
פאָרט ער ווי אַ מלך...

שיפן רעכטס און שיפן לינקס
קומען אים באַגריסן —
פאָרט אַ ייד קיין ארץ־ישראל,
קומט ער קיין קפריסין...

# דער ערשטער בריוו

מיט די העכער פופצן טויזנט מעפּילים, וואָס זענען אָנגעקומען אָנהייב יאַנואַר, איז דאָס יידישע ציפּערן איבערנאַכט מער ווי פאַרטאָפּלט געוואָרן. דער „ישוב״ ציילט שוין קרוב 32 טויזנט יידן.

לויט די עצות פון אַלטע ציפּערנער תושבים, זאָלן נייע מעפּילים קיינמאָל נישט שרייבן קיין בריוו צו זייערע קרובים תיכף נאָכן אָנקומען. די שפּעטערדיקע בריוו פאַלן תמיד אויס בעסער ווי די סאַמע ערשטע... און איך זע, אַז זיי האָבן רעכט. מיר זענען שוין דאָ די דריטע וואָך און ביסלעכווייז הייבט מען זיך אָן איינ־צואָרדענען, קוקן אויף אַלץ מיט מילדערע אויגן, ווי ביים אָנקומען. מ׳דאַרף נישט פאַרגעסן, אַז מיר, די גרינע, זענען אַריינגעפאַלן אינ־מיטן ווינטער און ווינטער וווינען איין לייוונטענע געצעלטן, עלעהיי ציגיינערס, וואָס מ׳ווייזט אָן אַ פּריי פּעלד הינטער דער שטאָט... מ׳דאַרף זיך אָבער נישט דערשרעקן פאַרן וואָרט „ווינטער״, נישט פאָרשטעלן זיך טיפע שנייען, קנאַקעדיקע פרעסט און זאַווע־רוכעס, ווי ביי אונדז אין רומעניע. ניין, דאָס קען דאָ נישט געמאָלט זיין. דאָ האָט דער ווינטער נישט קיין שליטה. ס׳מאַכט זיך אַפילו אַמאָל, אַז מלך ווינטער שיקט אויך אַהער פון זיין צפונדיקן מלכות זיינע חיילות, איינצונעמען דעם דרום. דער הימל פאַרטונקלט זיך. דער ים גייט אַרויס פון די כלים, הייבט אָן פּינען און שוימען פאַר רציחה, דער שטורעם רייסט אומברחמנותדיק אונדזערע געצעלטן, אָט ,דאַכט זיך, ווערט אַ תל פון אַלעמען, וואָס מיר האָבן מיט אַזויפיל מי אויפגעשטעלט. ס׳ווערט קאַלט און מ׳הייבט זיך אָן צו הילן אין וואַרעמע מלבושים. די דאָזיקע שלאַכט צווישן צפון און דרום געדויערט אָבער נישט לאַנג, ענדיקט זיך באַלד מיט אַ פולן ניצחון פון לעצטן. די זון הייבט ווידער אָן שיינען און וואַרעמען, און דער

ים — דער ים לאַכט: זיך איבערגעשראָקן, האַ? און איך האָב נאָר געמאַכט אַ שפּאַס, נישט מער ווי אַ שפּאַס...

די נייע מעפּילים האָבן זיך נאָך נישט צוגעוווינט צו די דאָזיקע קליינע ציגיינערישע געצעלטן, און קוקן מיט קנאָה אויף די איינגעזעסענע, די אַלטע ציפּערן־תושבים, וואָס וווינען אין די ווייסע טאָפּלט־געצעלטן.

אַחוץ דעם ליידן די נייע מעפּילים פון רויך. דאָס איז אַן אמתע מכה. די הונדערטער געצעלטן ווערן ביינאַכט באַלויכטן פון נאַפט־קאַניצלעך, וואָס ווערן געמאַכט פון ליידיקע קאָנסערוון־פּושקעלעך. אויך די אַליין צונויפגעמייסטרעוועטע פעלד־„קיכן״ (לויטן „סטיל״ פון טראַנסניסטריע און אַנדערע לאַגערן), די קאָלעקטיוו־קיכן, ווערן באַהייצט מיט דעם שוואַרצן, נישט־דעסטילירטן פעטראָל. די געצעלטן אַרום אָט די קאָלעקטיוו־קיכן זענען שוואַרץ פון סאַזשע. דער רויך פּילט אַן די לופט. צו וואָס מען זאָל זיך נישט צורירן, איז פול מיט רויך און סאַזשע. פּנימער זענען אויסגעריסט. די קליידער פאַרשמירט, אַ גאַנצן טאָג שפּייט מען, מ׳הוסט, שנייצט און כראַקעט... די אַלטע ציפּערנער לאַכן פון אונדז. זיי רופן דאָס אַן „ניידענע צרות״, טרייסטן, אַז מ׳וועט זיך צוגעוווינען. זיי, די „אַלטע״, איז גוט צו לאַכן. זיי האָבן פאַרכאַפּט דאָס בעסטע. וווינען ווי די פירשטן אין 61סטן און 62סטן קעמפּ, ווייט פון אָט־די קיכן, אין גרויסע, ברייטע „עכטע״ ווייסע געצעלטן מיט דריי־מעטערדיקע פיר־ווענט און מיט אַן „עכטן״ דאַך. פון דער ווייטן זעען די דאָזיקע געצעלטן אויס ווי פּויערישע דאָרף־כאַטעס, מיט ווייס־געקאַלכטע ווענט. דאָס זענען אַנטקעגן אונדזערע דריי־עקיקע ציגיינער־בודעס אמתדיקע ווילעס, גאַנצע וואָלקנקראַצער! קומט מען אַריין אין די דאָזיקע געצעלטן ווערט מען פאַרכאַפּט פון דעם לוקסוס, דאָס האַרץ גייט פּשוט איבער: אמתע טישן, בענק, שפּייז־שאַפּקעלעך, און אַפילו „טעפּיכער״ אויף דער ערד! די אַלטע ציפּערנער געדענקען נאָך די צייטן, ווען ס׳פּלעגן זיך ממש וואַלגערן

אויף די גאַסן גאַנצע בלעכן, ליידיקע קעסטלעך, פעסלעך און פּוש־קעס. וואָס ווייטער, איז אַלץ שווערער געוואָרן. די היימישע „אינדוסטריע" האָט זיך ביסלעכווייז אָנגעהויבן אַנטוויקלען, וואַקסן, מ'האָט אָנגעהויבן אויפזאַמלען און אָפּקויפן אַלע אַמבאַלאַזשן, די „רוי־שטאָפן" פון די מאַגאַזינען. אויפן ציפערנער מאַרק האָבן זיך אָנגעהויבן באַווייזן קאָך־כלים, טעפּלעך, טרינק־עמערס, טישלעך, בענקלעך, עטאַזשערקעלעך און אַנדערע לוקסוס־אַרטיקלען... היינט איז אַ בלעכן קעסטל מיט גאָלד גלייך! און נאָר דער „העכערער שטאַנד" קען זיך פאַרגינען אויסמעבלירן, קומען צו באַלעבאַ־טישקייט...

אָבער אויף אונדז נייע, געקומען מיט „פּאַן יאָרק" און „פּאַן קרעשטשענט" קוקט מען מיט ביטול: אויך מיר מעפּילים! זיך אויפגעזעצט אין רומעניע און פאַרפאָרן גלייך קיין ציפערן! עלעהיי אַן עליה א'... און מ'דערציילט אונדז מעשיות, אַז די האָר שטעלן זיך קאַפּויער. מעשיות וועגן גנבענען גרענעצן, ליגן טעג און נעכט אין וועלדער און היילן; פון שיפלעך, וואָס האָבן געבלאָנקעט וואָכנלאַנג, פון אונטערגייענדיקע שיפן, פון בלוטיקע קאַמפן מיט ענגלענדער, פון טויטע און פאַרוווּנדעטע, הונגער, קעלט, טויט־שרעק. פון אַזעלכע מעשיות פאַלן מיר אינגאַנצן אַרונטער, ווערן ביי זיך קליין און נישטיק.

די מערסטע מעפּילים אין מיין קעמפּ זענען רומענישע, אונגאַ־רישע און בולגאַרישע יידן.

איך דריי מיך אַן איינזאַמער אַרום צווישן די הונדערטער געצעלטן, זוך, אפשר וועל איך ערגעץ געפינען אַ פאַרבלאָנדזשעטן יידישן שרייבער, אפשר כאָטש אַ יידישן לייענער — נישטאָ. און אָט: אַ יונגערמאַן, וואָס רעדט אַ פּוילישן יידיש.

— פון וואַנען, חבר?

— אַ גאַליציאַנער.

— פון וואָס פאַראַ שטאָט?

— פון זלאָטשעוו.

— זלאָטשעוו! — דערפריי איך מיך — געהערט אַ מאָל פון אַ נאָמען האַלפערן?

— נפתלי האַלפערן?

— ניין, משה־לייב.

— אַ זייגערמאַכער אפשר?

— ניין, גיכער אַ זייגער־צעשטערער, אַ שונא פון אַלע איינגע־זעסענע, קאַזיאָנע, מאָנאָטאָנע טיק־טאַקן...

— וואָס זאָגט איר?

— גאָרנישט... שאַלאָם!

— שאַלאָם!

דער ים אָטעמט טיף און רעגלמעסיק. ער הערט זיך איין צו דעם געטומל און געפילדער, צו דעם מאָדנעם שפּראַכן־מישמאַש, וואָס קומט פאָר שוין באַלד צוויי יאָר ביי זיינע ברעגעס. פון פאַרשידענע לענדער און קאָנטינענטן זענען זיך אָט די מענטשן אַהער צונויפגעקומען, מיט פאַרשידענע פּנימער און פיזיאָגנאָמיעס, שפּראַכן, קולטורן און שטייגערס, אָבער אַלע פאַראייניקט דורך אַ געמיינזאַמען גורל, אַלע פאַרוווּנדעט דורך די זעלבע פיילן פון שנאה, אַלע האָבן זיי ביזן דנאָ אויסגעטרונקען די בעכערס פון סם. געטרעטענע, דערנידעריקטע, פאַרפייניקטע, פאַרשפּאָטע, מיט אַלטע און פרישע וווּנדן, זענען זיי זיך צונויפגעקומען אַהער פון פאַרשי־דענע וועגן און ריכטונגען... זיך צונויפגעגאָסן אין איין מעכטיקן, רייסנדיקן שטראָם, — אַ שטראָם, וואָס לאָזט זיך מער דורך גאָרנישט האַמעווען אין זיין וועג צו אַן אויסגעבענקטער אייגענער ערד, צו אייגענע פיר ווענט.

יאַנואַר, 1948

יצחק פאַנער

# יידיש טעאַטער אין קפריסין

די מעפּילים פון די „פּאַנעס" („פּאַן־יאָרק" און „פּאַן־קרעש־טשענט") וואָס האָבן אָנהייב יאַנואַר 1948 געבראַכט קיין קפריסין העכער 15 טויזנט רומענישע יידן און דערמיט פאַרטאָפּלט דעם „ישוב", — האָבן אין די אַזוי גערופענע „זומער־קעמפּן" שוין אָנגעטראָפן אַ פאַרטיקן טעאַטער־בנין. דאָס דאָזיקע טעאַטער איז אייניקע מאָל איבערגעאַרבעט געוואָרן ביז ס'האָט באַקומען די היינטיקע געשטאַלט. געבויט האָבן עס די סאַמע ערשטע מעפּילים מיט אַ געוויסן נ. בראש. נ. האָט ממש מיט די אייגענע הענט צונויפ־געשלעפּט, צונויפגעגנבעט בלעכן, לייוונט, ברעטלעך און קעסטלעך און מיט דער הילף פון אייניקע אַמאַטאָרן אויפגעשטעלט די געביידע. בלויז די בינע האָט געהאַט אַ סופיט און אַ דאַך. דער „זאַל" אָבער האָט נאָר געהאַט נידריקע בלעכענע ווענטלעך. דערצו זענען די בלעכן געווען אַלטע, פאַרזשאַווערטע, מיט אַ סך גרויסע שפּאַרעס און לעכער. דערפאַר אָבער האָט דער „סופיט" פאַרגעשטעלט אַן אָריגינעלן „פּרעסקאָ". די „מאָלעריי" האָט פאַרגעשטעלט דעם אמתדיקן ציפּערנער הימל מיט זיינע לויכטנדיקע שטערן...

דאָס פעלן פון אַ סופיט איז אין די זומער־חדשים נישט געווען קיין חסרון, נאָר אדרבה, אַ מעלה: אונטערן פרייען הימל האָבן זיך די מעפּילים אָפּגעקילט, אָפּגעפרישט נאָך די ברענענדיקע היצן פון טאָג. דערפאַר אָבער איז ווינטער גאָר ביטער געווען. די קעלט וואָלט נאָך געווען אַ האַלבע צרה, צוליב קעלט האָט זיך נאָך קיין מעפּיל נישט אָפּגעזאָגט צו גיין אין טעאַטער. פיל ערגער זענען געווען די רעגנס, וואָס האָבן תמיד געקענט איבעררײַסן בעתן שפּילן. די ערגסטע צרה אָבער זענען געווען די שטורעמס. נישט איין מאָל פלעגט טרעפן, אַז ביי דער סאַמע דראַמאַטישער ליבע־סצענע איז

אַנטשטאַנען אַ שטורעם און אַ זאַווערוכע. פלעגן די בלעכן אָנהייבן צו דרינזשען און קלאַפּן אַזוי שטאַרק, אַז ס׳האָט געריסן דאָס האַרץ קוקנדיק אויף די אָרעמע פּאַרליבטע...

דאָס דאָזיקע טעאַטער האָט אויך געשאַפן אַ באַזונדער ספּע־ציפיש־קפּריסינער פּובליקום, וואָס מ׳וואָלט געקענט איינטיילן אין דריי קאַטעגאָריעס:

1. אַ פּובליקום, וואָס קויפט בילעטן און ברענגט זיך מיט אַ באַנק צום זיצן (דאָס טעאַטער האָט קיין בענק נישט געהאַט).

2. אַ פּובליקום, וואָס באַלאַגערט פאַר יעדער פאָרשטעלונג די טעאַטער־ווענט און זעט דעם ספּעקטאַקל דורך די שפּאַרעס און לעכער. און קאַטעגאָריע —

3. אַ פּובליקום, וואָס קלעטערט ארויף אויף די בלעכענע ווענטלעך, און ווען דער פאָרהאַנג גייט אויף, זיצן צענדליקער צושויער, רייטנדיק פון אויבן...

די לעצטע צוויי קאַטעגאָריעס פלעגן אויך רעגלמעסיק „באַזוכן" אונדזערע רעפּעטיציעס — פון יענער זייט ווענט, פאַרשטאָפּנדיק מיט זייערע אויגן אַלע לעכער. און נאָך איידער אַ פּרעמיערע האָט דערלעבט צו זען די ליכטיקע וועלט, האָט שוין אַ האַלבער לאַגער געזונגען די לידער און געקענט דעם טעקסט אויף אויסנווייניק, אָפּטמאָל בעסער איידער די אַקטיאָרן... פון מאָראַלישן שטאַנדפּונקט גענומען איז דאָס זיכער אַ דערפאָלג, וואָס נישט איין גרויס מאָדערן טעאַטער וואָלט זיך געוווּנטשן. פאַר אונדזער קאַסע אָבער, און דער עיקר — ביי אונדזער מאַנגל אין רעפּערטואַר, איז אַזאַ „פּאָפּולאַ־ריטעט" געווען אַן אומגליק: נאָך דער דריטער פאָרשטעלונג איז שוין נישט געווען פאַר וועמען צו שפּילן...

דאָס אייגנטלעכע טעאַטער אַנטשטייט ערשט נאָך דער גרויסער רומענישער עליה. ביז דעמאָלט האָט מען זעלטן געשפּילט. דאָס טעאַטער האָט געפּוסטעוועט, און ג., ווי אַ געטרייער הונט, האָט געהיטן דעם בנין מ׳זאָל נישט צעטראָגן די ווענט. אַ מאָדנער מענטש

געווען אַט דער נ. אַן אייביק פאַרליבטער אין טעאַטער, הגם קיין קעגנליבע האָט ער, ווייזט אויס, זיך קיין מאָל נישט דערוואָרבן... דאָס איז געווען אַ ייד פון אַ יאָר 50, אַ הויכער און שטאַרקער, מיט גוטמוטיקע אויגן. מיט זיינע לאַנגע מוסקוליעזע אָרעמס האָט ער גיכער אויסגעזען ווי אַ באָקסער, איידער אַן אַקטיאָר. וועגן די אַלע ראָלן וועלכע ער זאָל האָבן געשפּילט, פלעגט ער אייך נישט נאָר דערציילן, נאָר פלעגט זיי פאַר אייך ממש אויסשפּילן. ער פלעגט דערציילן לאַנגע מעשיות וועגן די אַלע באַרימטע סטאַרס וואָס האָבן גאַסטראָלירט אין זיינע מקומות און מיט וועלכע ער זאָל האָבן מיטגעשפּילט. גערעדט האָט ער וועגן זיי ווי וועגן אינטימע פריינד און קאָלעגן, אָנרופנדיק זיי ביי די פאָרנעמען. למשל: „דזשאָו (קעסלער) פלעגט מיר תמיד זאָגן", אָדער: „מישאַ (פּישזאָן) האָט זיך אָן מיר נישט געטאָן קיין ריר". אָדער: „מיט מאַלין (פּיקאָן) האָב איך געשפּילט אין יאָר..."

נ. איז באַלד עולה געווען. מיר האָבן אים געווונטשן גליק אויף זיין קינסטלערישן וועג. אונדזערע ברכות זענען אָבער ווי ס'ווייזט אויס, נישט מקויים געוואָרן... מיט די נייע שיפן זענען אָנגעקומען אַ סך פעיקע אַמאַטאָרן און פּראָפעסיאָנאַלן. און אונטער דער לייטונג פון דעם ענערגישן און טאַלענטירטן מ. י. שניידער, איז באַלד צונויפגעשטעלט געוואָרן אַן אַנסאַמבל מיט אַן אָרקעס־טער, מיט אַ בינע־מאָלער, אַ ליטעראַרישן לייטער (אני הקטן), יאָ, אַפילו אַן אייגענעם קאָמפּאָזיטאָר (ד"ר מ. סאַבו), האָט דאָס טעאַטער געהאַט. אין יענעם אַנסאַמבל האָבן זיך געפונען די יונגע מרים שמוקער־כץ (היינט די זייער טאַלענטירטע „הבימה"־אַקטריסע מרים זוהר), רות פּישמאַן (די היינטיקע העברעיש־יידישע פאָלקס־זינגערין רות מימון), דער יונגער דיכטער א. רינצלער, מ. זאַנד, שמוקער און אַנדערע. דאָס טעאַטער האָט אויפגעפירט פּיעסן און איינאַקטערס פון שלום עליכם, פּרץ, גאָגאָל, טשעכאָוו, אַש, אינסצע־ניזירט פאָלקסלידער און רעוויעס. אַזוי למשל די רעוויע „אונדזער

שטייגער״ פון אונדזער יעקב פרידמאַן (דעמאָלט אין ציפּערן), וואָס האָט געהאַט אַ קאָלאָסאַלן דערפאָלג.

אונדזער טעאַטער ווערט אַ שם־דבר אַפילו אין די „הויכע פענצטער״: ביים גרויסן שטאָב דזשוינט־באַאַמטע און פּאַראַנט־וואָרטלעכע טוער פון יענער זייט דראַטן. באַלד ווערן מיר דערהויבן צו דער מדרגה פון אַ „מלוכה־טעאַטער״, וואָס ווערט סובווענציאָנירט פון „שטאַט״ (דזשוינט בלע״ז).

נאָר יעדעס מאָל רייסט אונדז אַוועק ארץ־ישראל אַ וויכטיקן כוח. דעם פּלאַץ פון אַ מענלעכן כוח קאָן מען נאָך ווי נישט איז אויספילן, אָבער אַז ס׳פאַרט אַוועק אַ פרוי, בלייבט איר פּלאַץ ליידיק. פרויען זענען דאָך אין די מחנות מיט גאָלד גלייך! קומט נישט אַנדערש אויס ווי אומקערן זיך צו גאָלדפאַדנס צייטן, מענער זאָלן שפּילן פרויען־ראָלן... יאָ די הגנה רוט נישט. אַנטדעקן די ענגלענדער איין געהיימען טונעל, אַנטשטייען באַלד צוויי אַנדערע. מען צעלויפט זיך אויף פאַרשידענע אופנים. ס׳איז שוין באַלד נישטאָ מיט וועמען און פאַר וועמען צו שפּילן. און דאָך געלינגט אונדז נאָך צו פאַרענדיקן דאָס קאַפּיטל יידיש טעאַטער אין קפריסין מיט גאָגאָלס „חתנים״. און דאַן — —

קומט די גרויסע בשורה: קפריסין ווערט ליקווידירט!

דער קליינער אַנסאַמבל קומט נאָך יעדן טאָג צו דער באַשטימ־טער צייט צו די פּראָבן, פון געוווינטקייט וועגן. מ׳דרייט זיך אַרום אויף דער פוסטער בינע. די בינע, וואָס האָט אין אָט דער געפּאַנ־גענשאַפט געגעבן אַזוי פיל אינהאַלט און אַנהאַלט! מ׳באַטראַכט די קוליסן, דעם רעקוויזיט, די לוקס־לאָמפּן, דעם לייוונטענעם אָפּגעפּאַרבטן פאָרהאַנג, — אַלץ מיט אַזויפיל מי דערוואָרבן, מיט אַזויפיל ליבשאַפט צונויפגעשטעלט. ס׳גיט עפּעס אַ צופּ ביים האַרצן. כ׳וואָלט געשווירן — ס׳טוט באַנג...

יצחק פאַנער

# קפריסין לאַכט

ווי נאָר עס זענען אויפגעשטעלט געוואָרן די ערשטע פאַלאַט־קעס, האָט באַלד אָנגעהויבן שפּרודלען אַ קפריסינער לאַגער־הומאָר, האָט זיך צעבליט אַ ספּעציפישער פאָלקלאָר. לאָמיר ברענגען בלויז עטלעכע מוסטערן.

אויף דעם וואָרט „מעפּיל" איז געשאַפן געוואָרן אַזאַ פּירוש: דאָס וואָרט „מעפּיל" שטאַמט פונעם וואָרט „מפּיל". דער שכל דערפון איז אַזאַ: די שיפן, וואָס האָבן געדאַרפט אויסטראָגן ביז חיפה, האָבן מפּיל געווען אין קפריסין...

אַ גרויסער טייל פון די ארץ־ישראל־שליחים זענען נישט געווען באַליבט ביי די מעפּילים, צוליב זייער גאווה, זייער קוקן אויף די מעפּילים פון אויבן־אַראָפּ. זענען אַנטשטאַנען אַ סך שליחים־וויצן. איינער דערפון:

— וואָס איז דער חילוק צווישן אַ שליח און אַן אינדיק?

— דער חילוק איז אַ קליינער. ביידע האָבן אַ טבע זיך אָנצובלאָזן. מער נישט וואָס אַן אינדיק, אַז ער בלאָזט זיך אָן, לאָזט ער אַראָפּ די נאָז, דאַקעגן אַ שליח — פאַררייסט זי...

„מולדת" איז געווען דער נאָמען פון אַ מולטער־שיפל, וואָס דער ענגלישער קריגספלאָט האָט „באַזיגט" און זיינע פּאַסאַזשירן געבראַכט קיין קפריסין. אָבער אין די לאַגערן איז דער נאָמען „מולדת" געוואָרן אַ זידלוואָרט. אַז מען האָט עמעצן אַ זאָג געטאָן: מולדת! האָט מען געקענט כאַפּן פּעטש. ווייל „מולדת" האָט געהייסן דאָס זעלבע ווי: אידיאָט, חסר־דעהניק, אָדער פּשוט — משוגענער. פאַרוואָס גראָד די מעפּילים פון אָט דעם שיפל האָבן זוכה געווען צו אַזאַ כבוד, איז נישט באַוווסט. מעגלעך, אַז די מעפּילים פון דעם דאָזיקן שיפל האָבן מער ווי אַנדערע שיפלעך געשטעלט אַ ווידער־

שטאַנד די ענגלענדער, און קומענדיק אין לאַגער אַריין, האָבן זיי אויסגעזען ווי ווילדע, צעדולטע. מעגלעך.

פאַראַן נאָך אַן אַנדערע ווערסיע: די „מולדת״־מעפּילים זענען געווען פון די ערשטע אין די לאַגערן, געווען די „ותיקים״. האָט ביי זיי דאָס ערשטע געפּלאַצט די געדולד פון צו לאַנגן וואַרטן. זענען זיי מער ווי די אַנדערע אַרויס פון די כלים, זיך געבונטעוועט, געווילדעוועט. ליגט אפשר דאָ דער מקור פון דעם זידלוואָרט. דאָס זענען אָבער אַלץ נאָר השערות.

צום באַדויערן (ריכטיקער — צום גליק) איז דעם דאָזיקן נאָמען ווי אַ באַליידיקונג, נישט באַשערט געווען קיין אריכת־ימים. מיט דער ליקווידאַציע פון די קפּריסינער לאַגערן, האָט אויך דאָס נייע יידישע וואָרט אויסגעהויכט זיין יונגע נשמה. נישט באַשערט געווען אים אַריינצוגיין אין דעם שפּראַכן־אוצר פון יידישע זידל־ווערטער! זאָלן כאָטש די דאָזיקע שורות זיין אַ קדיש צו זיין 20סטן יאָרצייט...

אויף דער גרויסער שפּע פון פּאַרטייען אין די לאַגערן רעאַגירט דער קפּריסינער הומאָר אויף פאַרשידענע אופנים.

אַ מוסטער פון אַזאַ אַנעקדאָט:

ביים אָנקומען פון פרישע מעפּילים פלעגן די פּאַרטייען אַרויס־שיקן פאַרטרעטערס, כדי איינצואָרדענען די אָנקומענדיקע לויט די פּאַרטייען צו וועלכע זיי געהערן.

ווענדט זיך אַזאַ דעלעגאַט צו אַן אָנקומענדיקן מעפּיל:

— פון וועלכער פּאַרטיי, חבר?

— פון השומר הצעיר — ענטפערט דער מעפּיל.

דערפרייט זיך דער שליח:

— דאַן קומט מיט מיר.

דער ייד מיט ווייב און קינדער, באַלאָדן מיט פּעקלעך און בינטלעך לאָזט זיך נאָכגיין נאָכן שליח. אין דרויסן מערטשעט

אַ דראָבנער האַרבסטרעגן. די זאַמדן זענען טיפֿע, נאַסע. נאָך אַ שטיקל צייט פרעגט דער ייד:

— נאָך ווייט?

— יאָ, — ענטפערט דער שליח, — נאָך היפּשלעך ווייט.

— און וואָס פאַר אַ פּאַרטיי איז דאָס? — פרעגט דער ייד, אָנווייזנדיק אויף אַ ריי לייוונטע פּאַלאַטקעס.

— דאָס איז בית״ר.

— ווייסט וואָס, שרה — ווענדט זיך דער ייד צום ווייב — וואָס װעלן מיר זיך שלעפּן אַזוי ווייט. לאָמיר שוין בלייבן דאָ.

*

און איצט אייניקע פראַגמענטן פון די הומאָריסטישע ראַדיאָ־אוידיציעס (פּאַראָדיעס פון די ערנסטע אוידיציעס, וואָס פלעגן טעגלעך איבערגעגעבן ווערן דורך אַ גרויסן הילכער). די קאָמישע אוידיציעס פלעגן איבערגעגעבן ווערן אין די פּויזעס פון די טעאַטער־פאָרשטעלונגען (דורך מנחם זאַנד), זיי זענען געווען די גרעסטע אַטראַקציעס פאַר די טעאַטער־באַזוכער, וועלכע האָבן אין זיי דערזען דעם לאַגער אין קרומען שפּיגל. פּונקט ווי די אַנעקדאָטן, גלייכווערטלעך און לאַגער־לידער, קאָן מען אויך די דאָזיקע „אוידיציעס״ פאַררעכענען צום ציפרענעם פאָלקלאָר. די מחברים פלעגן זייער מאַטעריאַל ברענגען צום ליטעראַרישן לייטער פון טעאַטער, וועלכער פלעגט דעם שטאָף באַאַרבעטן, רעדאַקטירן און דאַן איבערגעבן דעם קאָנפעראַנסיער צום לייענען.

מיר וועלן אָנהייבן מיט אַ בריוו, וואָס אַ מעפּיל שרייבט כלומרשט צו זיינע עלטערן קיין רומעניע. דאָס איז אַ חוזק אויף די פיל ציוניסטישע פּאַרטייען, וואָס זענען, ווי שוין געזאָגט, געווען טעטיק אין די לאַגערן.

„...קודם־כל וויל איך אייך באַקענען מיט דער יידישער מדינה,

וואָס רופט זיך קפריסין, און מיט אירע איינוווינער, וואָס רופן זיך מעפּילים. די מעפּילים באַשטייען פון 70 פאַרשידענע שבטים, וואָס רעדן אויף 70 פאַרשידענע לשונות. איין שבט פאַרשטייט נישט דאָס לשון פון צווייטן. דעריבער פאַרשטענדיקן זיי זיך מיט די הענט, און זייער אָפט — מיט די פויסטן...

„די שבטים טיילן זיך איין אין: לינקע, רעכטע, צענטרומדיקע, מעסיקע און עקסטרעמע, אין פראַקציעס און פליגלען... פאַראַן רעכטע פראַקציעס פון לינקע פליגלען, און לינקע פראַקציעס פון רעכטע פליגלען, און פאַרקערט״.

פון צייט צו צייט פלעגן די ענגלענדער באַפרייען פון די לאַגערן מעפּילים וואָס זענען נישט געווען קיין „סכנה פאַרן וועלט־שלום״: זקנים, קראַנקע, קאַליקעס און פרויען. זענען בחורים, וואָס האָבן פאַר יעדן פרייז געוואָלט עולה זיין, געפאַלן אויף אַן המצאה: זיי האָבן זיך פאַרשטעלט פאַר אַלטע, קאַליקעס אָדער פרויען. אַ שטיק צייט איז דאָס געלונגען. הונדערטער אַזעלכע פאַרשטעלערס זענען אַדורכגעגאַנגען די קאָמיסיע. ביז די ענגלענדער האָבן זיך געכאַפּט, אַז ס׳גייען אַדורך זייער קאָנטראָל עפּעס צו פיל וויסטע קאַליקעס, צו פיל הויקערס, לאָמע, בלינדע און אין דרייען געבויגענע זקנים. ס׳איז זיי מיט דער צייט אויך געוואָרן אויפפאַלנדיק, וואָס די פרויען זענען צו שטאַרק געשמינקט און געפּודערט, און וואָס נוגע די בוזעמס, זענען זיי אויך נישט אין גאַנצן ווי ס׳באַדאַרף צו זיין... הכלל, דער שווינדל איז אַנטדעקט און אָפּגעשטעלט געוואָרן. אָבער די „עכטע״ פרויען האָבן כסדר, אַן יעדן שטער, פאַרלאָזט די לאַגערן. איז געוואָרן אַ מאַנגל אין דעם שיינעם מין.

נאָך דעם אויבן דערציילטן, וועט דער ווייטערדיקער טייל פון „בריוו״ זיין פאַרשטענדלעך.

„...אין דער מדינה הערשט אַ גרויסער מאַנגל אין כלות. מ׳גייט ממש אויס נאָך אַ כלה. שוין פון גאַנץ פרי לאָזן זיך די בחורים

אַרויס אויף געיעג נאָך אַ כלה. מען גייט פון פּאַלאַטקע צו פּאַלאַטקע און מען פרעגט: קאָן מען אפשר דאָ באַקומען אַ כלה? און פון איבעראַל קומט דער ענטפער: נישטאָ! אָדער: ליידער, ערשט מיט אַ שעה צוריק חתונה געהאַט..."

„אַנומלט האָט דאָ געטראָפן אַזאַ מעשה: אַ בחור איז אַ גאַנצן טאָג אַרומגעלאָפן ווי אַ פאַרסמטע מויז זוכן אַ כלה און נישט געפונען. ערשט פאַרנאַכט קומט אים אַקעגן אַ מיידל. דער בחור האָט איר אין איין אָטעם אָפּגעמאַכט די ליבע־דערקלערונגען און זי מיט געוואַלד געוואָלט שלעפּן צום ועד הדתי (ראַבינאַט). ערשט שטעלט זיך אַרויס, אַז דאָס מיידל איז געווען... אַ בולגאַרישער בחור, וואָס האָט גראָד אין יענעם טאָג געמאַכט די גענעראַל־רעפּעטיציע פאַר דער בריטישער עליה־קאָמיסיע!..."

און אָט איז אַן „אוידיציע", וואָס שפּיגלט אָפּ דאָס „גליקלעכע" לעבן פון די מעפּילים אין די לאַגערן. אין דעם דאָזיקן באַריכט זאָגט דער מחבר אין איין וועגס אויך אַריין די ארץ־ישראל שליחים, וואָס אַ גרויסער טייל איז, ווי געזאָגט, נישט געווען באַליבט ביי די מעפּילים.

„...ווי נאָר אַ גרופּע נייע עולים באַטרעטן די ערד פון לאַגער, שפּילט־אויף אַ מיליטער־אָרקעסטער די „התקוה" און „גאָד סעיוו די קינג". און שוין פון ווייטן וואַרפט זיך אין די אויגן אַ גרויסע שילד מיט דער אויפשריפט: „ברוכים הבאים". יעדע מעפּילים־פאַמיליע באַקומט תיכף אַ 3־צימערדיקע וווינונג מיט אַלע באַקוועמ־לעכקייטן, מיט אַן אויבסט־ און בלומען־גאָרטן פאַר יעדן הויז. אין די זומערדיקע נאָכמיטאָגן ליגן די מעפּילים אין קילן שאָטן פון זייערע פייגנביימער, און ארץ־ישראל שליחים מיט פּאַלמען־צווייגן אין די הענט, טרייבן פון זיי אָפּ די פליגן..."

אָט אַזוי האָבן די מעפּילים, די שארית־הפליטה, פון שחיטות, תליות, גאַז־קאַמערן, געלאַכט הינטער די נייע דראָט־פאַרצוימונגען,

דאָס גרויסע, דאָס אייביק יידישע געלעכטער. געלאַכט און זיך געוויצלט וועגן דעם אייגענעם גורל און וועגן דעם רשעות פון דער וועלט. און — ווי זינגט ביאַליק אין זיין טראַגישן „אַ פריילעכס״:

„און זאָל אַ קרענק דער שונא וויסן,
וואָס אין האַרצן בראָט און ברענט״...

יצחק פאַנער

# דער לעצטער בריוו

די לעצטע נאַכט איז מען שוין נישט געשלאָפן. מ׳האָט געפּאַקט, געהאַמערט, געגנייט, געבונדן פּעקלעך, בינטלעך, רוקזעק. אין אָט דער מלאכה איז יעדער ספּעציאַליזירט, מ׳קאָן זי שוין אויסנ־ווייניק, מיט פאַרמאַכטע אויגן. שוין כמעט צען יאָר ווי מ׳האַלט אין איין איין־און־אויספּאַקן. ווי מיר האַלטן אין איין איבערחזרן די פּרשה „ויסעו־ויחנו״. לאַנגע, וויסטע, בלוטיקע „ויסעוס״ — טרעב־לינקע, אוישוויץ, דאַכאַו, טראַנסניסטריע, אוזבעקיסטאַן, קאַזאַכ־סטאַן, דאָנבאַס, קפּריסין... „פון גרינעם פּאַלמענלאַנד ביזן ווייסן לאַנד פון שניי״, זענען מיר שוין אויסגעוועזן „מיט אונדזער פּיין, מיט אונדזער וויי״. די פּעקלעך און בינטלעך און רוקזעק זענען שוין צוגעוואַקסן צו אונדזערע לייבער, ווי הויקערס צו פּלייצעס... זענען געוואָרן די קישנס פון אונדזערע צוקאָפּנס, די מעבלען פון אונדזערע „סאַלאָנען״...

פאַר די ליידיקע פּוסטע געצעלטן ליגן אָנגעוואָרפן קעסטלעך, שטיקער צעפּוילטע לייוונט, שטרוי, בלעכענע פּושקעס, וואָס האָבן ערשט נעכטן געדינט פאַר קאַנען, טעלער, קאָכגעשיר...

ווי פאַרסמטע מייז לויפן אום הונדערטער הינט, וואָס זענען מיט געוואַלט אָוועקגעטריבן געוואָרן פון זייערע באַלעבאָטים. שטעקסטו אַריין דעם קאָפּ אין אַ פאַרלאָזענער פּאַלאַטקע, קאָן דיר אָקעגנקומען אַ קעצל, דיך אָנקוקן מיט טרויעריקע רחמנות־אויגן און זיך יאָמער־לען צעמיאוקען, ווי ס׳וואָלט זיך פאַר דיר באַקלאָגן אויף איר ביטערן גורל... די טורעמס שטייען פּוסטע, אָן די וועכטערס. די דראָט־פאַרצוימונגען זעען אויס ווי אויסגעשלאָגענע הושענות...

דער לעצטער טראַנספּאָרט שטייט מיטן באַגאַזש פאַרן טויער. מען וואַרט אויף דער לעצטער שיף. אָט באַלד, און אין די לאַגערן

וועט זיך מער קיין איינציקער ייד געפינען. דער לעצטער ייד, וואָס וועט אַדורכגיין דעם טויער, וואָס איז דרייסיק חדשים געווען פאַרריגלט, וועט אַראָפּרייסן פון זיינע אַקסלען די עפּאָלעטן פון דער בריגאַדע „העפלה״. ער וועט זיך אָפּגעזעגענען מיטן לעצטן „מעפיל״, וואָס באַטרעט איצט דעם וועג פון דער יידישער געשיכטע... ער וועט דעם אָפּפאָרנדיקן צורופן אַ „פאָר געזונט״. זיין שטים וועט דערביי זיכער ציטערן, און אין זיינע אויגן וועט גלאַנצן אַ טרער. אַ הייסע יידישע טרער. אָט באַלד, און ציפערן וועט מער נישט זיין, נאָר געווען זיין. אויף דער מאַפּע פון דער יידי־שער מאַרטיראָלאָגיע וועט צוקומען נאָך אַ פּונקט, נאָך אַ נאָמען, גרויסער גאָט, זאָל דאָס שוין זיין דער לעצטער!

דאָס טויער ווערט ברייט געעפנט און דער לעצטער טראַנספּאָרט געזעגנט זיך אָפּ מיט קפריסין. ס׳פאַרקלינגט אַ געזאַנג. אַ יידישער פרייהייטמאַרש. נישט ווילנדיק באַוועגן זיך די ענגלישע זעלנער און אָפּיצירן צום טאַקט פון אונדזער מאַרש... עס זינגען מיט די פייגל אין דער לופט. עס זינגט מיט דער ים. די גאַנצע וועלט זינגט איצט דאָס ליד פון באַפרייונג.

10 פעברואַר, 1949.

## פון זעלבן מחבר:

צוזאַמען מיט א. פרענקעל:

**נייע יידישע דיכטונג**, אַנטאָלאָגיע, אין לאַטיינישער טראַנסקריפּציע, — פאַרלאַג קולטורקרייז י. ל. פרץ, יאַס, 1945 (צוזאַמען מיט א. פרענקעל:)

צוזאַמען מיט א. פרענקעל:

**נייע יידישע דיכטונג**, אַנטאָלאָגיע, מיט יידישע אותיות, פאַרלאַג קולטורקרייז י. ל. פרץ, יאַס, 1947

**שלום אַש אין זיין לעצטער היים** — פאַרלאַג י. ל. פרץ, ת״א, 1958.

**זון און שאָטן** — פאַרלאַג י. ל. פרץ, ת״א, 1964.

# אינהאַלט:

## ישראל־מאַטיוון



## פאַקט און פיקציע



## רעשטלעך



## אין פאַרנאַכטיקן ליכט

## טראַנסניסטריע



## קפּריסין